רוססלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישע ארבייטערפּאַרטיי.

קארל קאוטסקי.

# קלאססען-אינטערעס, באזונדער-אינטערעס, כלל-אינטערעס.



אַרויסגעגעבען פֿון

אַללגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד

אין ליטא, פּוילען און רוססלאַנד.





לאנדאן

דרוקעריי פֿון אַללגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד („בונד")

אָקטאָבער 1903 יאָהר.

# קלאַסען-אינטערעס, באַזונדער-אינטערעס, כלל-אינטערעס.



## I. פּאַרטיי און קלאַס.

די סאָציאַלדעמאָקראַטיע טרעט אַרויס אַלס די פֿאָרשטעהערין פֿון די קלאַסען-אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַריאַט — די אַנדערע פּאַרטייען שטעלען זיך אַרויס אַלס די פֿאָרשטעהערינס פֿון אַלעמענס אינטערעסען, אָדער לכל הפּחות פֿון די אינטערעסען פֿון אַלע באַדייטענדסטע קלאַסען. אונזער פּאַרטיי מאַכט מען דעם פֿאָרוואורף, אַז זי פֿאַרטרעט די אינטערעסען נאָר פֿון אַ געוויסען טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג, זי פֿאַרטרעט נאָר באַזונדערע אינטערעסען, אין דער צייט ווען די בירגערליכע פּאַרטייען גדלה'ן זיך דערמיט, וואָס זיי שטרעבען מיט אַלע כחות און אין אַלע הינזיכטען צו דינען דעם אַלגעמיינעם אינטערעס, דעם אינטערעס פֿון מלוכה און געזעלשאַפֿט, דעם אינטערעס פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג בכלל.

ווען דיזער פֿאָרוואורף וואָלט געווען ריכטיג, דאַן וואָלט מען געקענט דערפֿון שליסען, אַז די בורזשואַזנע פּאַרטייען האָבען אַ גרעסערע וויכטיגקייט איידער די סאָציאַלדעמאָקראַטיע. צום גליק איז אָבער דיזער פֿאָרוואורף געגרינדעט נאָר אויף אַ צומישענעש און צופּלאָנטענעש פֿון בעגריפֿען; ריכטיג איז, פֿאַרקעהרט, דער היפּך פֿון דיזען פֿאָרוואורף. אָבער עס איז ניט גרינג צו פֿאַנאַנדערוויקלען די פֿאַרפּלאָנטענעש, פֿון וועלכען דיזער פֿאָרוואורף שטאַמט אַרויס.

קודם כל, איידער עס וועט דאָ געהאַנדעלט ווערען וועגען די קלאַסען-אינטערעסען, מוזען מיר זיך מאַכען קלאָר, וואָס הייסט אַ קלאַס.

מ אַ ר ק ס האָט אין דריטען באַנד פֿון „קאַפּיטאַל" אָנגעפֿאַנגען צו אינטערזוכען וואָס הייסט אַ קלאַס, אָבער ניט בעדויערען האָט ער דיזע

אונטערזוכונג ניט געענדיגט. גראַדע ביי דעם אָרט, וואו ער הייבט אָן צו ערקלערען דיזען בעגריף, האַקט זי זיך איבער.

אין היינטיגער געזעלשאַפט האָבען מיר דריי גרויסע עקאָנאָמישע גרופען: שכירות-אַרבייטער, קאַפּיטאַליסטען און ערד-בעזיצער. וואָס מאַכט זיי פֿאַר אויסבילדער פֿון דריי גרויסע געזעלשאַפֿטליכע קלאַסען? פֿרעגט מ אַ ר ק ס, און ענטפֿערט אויף דערויף: „אויף דעם ערשטען בליק דאָס, וואָס זיי האָבען איינע און די זעלבע הכנסות און איינע און די זעלבע קוואַלען פֿון הכנסות. עס עקסיסטירען דריי גרויסע געזעלשאַפֿטליכע גרופען, וואו די באַזונדערע טיילען פֿון דיזע גרופען, די פּערזאָנען, וועלכע בילדען זיי, לעבען פֿון שכירות, פֿון ריווח (פּראָפֿיט) און פֿון ערד-רענטע*, ד. ה. זיי ציהען זייער פּרנסה פֿון זייער אַרבייטס-קראַפֿט, פֿון זייער קאַפּיטאַל אָדער פֿון זייער ערד-אייגענטום.

אָבער אַרויסגעהענדיג פֿון דיזען שטאַנדפּונקט, דאַרפֿען, למשל, דאָקטוירים און בעאַמטע אויך בילדען צוויי באַזונדערע קלאַסען, ווייל זיי געהערען צו צוויי באַזונדערע געזעלשאַפֿטליכע גרופען, וואו די מיט-גלידער האָבען זייערע הכנסות פֿון איינע און די זעלבע קוואַלען. דאָס זעלבע קען מען זאָגען אַנטקעגען די גאַנצע אונענדליכע צובּרעקלונג פֿון די אינטערעסען און לאַגעס, אויף וועלכע די צוטיילונג פֿון דער געזעל-שאַפֿטליכער אַרבייט צושפּאַלט ווי די אַרבייטער אַזוי די קאַפּיטאַליסטען און ערד-בעזיצער — די לעצטע, למשל, אויף די בעזיצער פֿון וויינ-גערטנער, די בעזיצער פֿון אַקער-ערד, די בעזיצער פֿון וועלדער, די בעזיצער פֿון גרובען, די בעזיצער פֿון פֿישערייען".

צום בעדויערן רייסט זיך איבער דער מאַנוסקריפּט אויף דיזען אָרט. עס פֿאַרשטעהט זיך, אַז עס איז אונמעגליך באַשטימט צו זאָגען, וואָס פֿאַר אַ געדאַנקען וואָלט דאָ ווייטער מ אַ ר ק ס ענטוויקעלט. אָבער מיר קענען זיך דיזע פֿראַגע אַליין פֿאַרענטפֿערען, ווען מיר וועלען די פֿאַק-טען זעלבשטענדיג אונטערזוכען.

וואָס כאַראַקטעריזירט פֿון איין זייט די לאַגע, למשל, פֿון אַ ערד-בעזיצער צום אונטערשייד פֿון דער לאַגע פֿון אַ שכירות-אַרבייטער און אַ קאַפּיטאַליסט, און פֿון דער אַנדערער זייט די לאַגע, למשל, פֿון דעם בעזיצער פֿון אַקער-ערד צום אונטערשייד פֿון דער לאַגע פֿון דעם בעזי-צער פֿון וועלדער אָדער פֿון ערד אונטער געביידעס?

די ערד-רענטע פֿון דעם ערד-בעזיצער קען ביי דער אָדער יענער גרויס פֿון דער נאַציאָנאַלער הכנסה פֿאַרגרעסערט ווערען

---

* ערד-רענטע הייסט דער צינז, וועלכען דער אַרענדאַר צאָהלט דעם ערד-בעזיצער פֿאַר דער געדונגענער ערד. דער איבערזעצער.

אָדער אויף'ן חשבון פֿון די אַרבייטס-שכירות אָדער אויף'ן חשבון פֿון ריוח פֿון קאַפּיטאַל — די אינטערעסען פֿון די ערד-בעזיצער שטעהען אַלזאָ אין געגענזאַץ צו די אינטערעסען פֿון די שכירות-אַרבייטער און פֿון די קאַפּיטאַליסטען; אָבער די ערד-רענטע פֿון דעם בעזיצער פֿון אַקער-ערד וואַקסט ניט אויף'ן חשבון פֿון דער ערד-רענטע פֿון אַנדערע מינים ערד-בעזיצער. פֿאַרקעהרט, דער וואוקס פֿון דער ערד-רענטע אָדער פֿון דעם מקח אויף ערד, וועלכער איז צוזאַמענגעבונדען מיט דער ערד-רענטע, פֿון איין מין לאַנד, ברייננט מיט זיך אויך אַ פֿאַרגרעסערונג פֿון די ערד-רענטעס און מקחים אויף ערד פֿון די אַנדערע שטיקער לאַנד. אָבער יעדע פֿאַרהעכערונג פֿון דיזע ערד-רענטעס און ערד-מקחים באַדייטעט די פֿאַרקלענערונג אין דעם זעלביגען ערך פֿון די אַרבייטס-שכירות אָדער פֿון דעם ריוח פֿון קאַפּיטאַל.

לאָמיר נעהמען פֿון דער אַנדערער זייט דעם קלאַס שכירות-אַרבייטער. דיזער קלאַס צוטיילט זיך אויף בוכדרוקער, מעטאַל-אַרבייטער, וועבער, ערד-אַרבייטער א. ז. וו. נאָר דיזע גרופּען פֿון אַרבייטער בילדען ניט קיין באַזונדערע קלאַסען. זיי אַלע צוזאַמען שטעהען אין דעם אייגענעם געגענזאַץ צום קאַפּיטאַל און צום ערד-אייגענטום, ווייל די אַרבייטס-שכירות קען ביי דער אָדער יענער גרויס פֿון דער נאַציאָנאַלער הכנסה געהעכערט ווערען נאָר אויף'ן חשבון פֿון דיזע ביידע קוואַלען פֿון הכנסות; פֿאַרקעהרט, אין אַרבייטערקלאַס גופא וואַקסען ניט די שכירות פֿון איין שיכטע אַרבייטער אויף'ן חשבון פֿון אַנדערע שיכטען, נאָר פֿיל מעהר פֿאַרשטאַרקט די העכערונג פֿון די שכירות פֿון איין שיכטע אַרבייטער די נייגונג צו דער פֿאַרהעכערונג פֿון די שכירות פֿון אַנדערע שיכטען אַרבייטער; זי פֿאַרשטאַרקט די שטרעבונג פֿון די אַרבייטער צו פֿאָדערען העכערע שכירות און שוואַכט אָב די קרעפֿטען פֿון די אונטערנעהמער ביי'צושטעהן געגען דיזע פֿאָדערונגען.

איצט זעהען מיר־שוין, וואָס עס בילדעט אויס באַזונדערע קלאַסען. דאָס איז ניט נאָר די געמיינזאַמקייט פֿון די קוואַלען פֿון הכנסות, נאָר אויך — וואָס עס שטאַמט דערפֿון — די געמיינזאַמקייט פֿון אינטערעסען און די געמיינזאַמקייט פֿון געגענזאַץ צו די אַנדערע קלאַסען, פֿון וועלכע יעדערער באַזונדער שטרעבט צו פֿאַרקלענערען די קוואַלען פֿון הכנסות פֿון די אַנדערע, כדי דערמיט צו פֿאַרגרעסערען זיינען אייגענע.

באַזונדערע טיילען פֿון יעדער גרויסער גרופּע, וועלכע האָט איין באַשטימטען קוואַל פֿון הכנסות, בילדען אַלזאָ ניט קיין באַזונדערע קלאַסען. נאָר עס פֿאַרשטעהט זיך, אַז באַטראַכטענדיג גענויער, קען מען אַרויסזעהן, אַז צווישען די דריי גרויסע קלאַסען און אַרום זיי בילדען זיך צווישען-גרופּעס און אָבשפּראָצונגען, וועלכע באַקומען אויך אַ כאַ-

ראַקטער פֿון באַזונדערע קלאַסען.

אַזוי קענען מיר, למשל, אונטערשיידען אינעווייניג אין דעם קאַ-פּיטאַליסטענקלאַס דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל, דעם האַנדעלס-קאַפּיטאַל און דעם געלד-קאַפּיטאַל, לאָמיר באַטראַכטען נאָר דעם לעצטען, דעם געלד-קאַפּיטאַל. יעדער קאַפּיטאַליסט מוז האָבען געלד, כדי אָנ-צוהייבען און קענען פֿיהרען ווייטער אַ געוויסע אונטערנעהמונג; אָבער צווישען די קאַפּיטאַליסטען געפֿינט זיך אַ געוויסער סאָרט מענשען, וועלכע נעהמען ניט אויף זיך צו פֿיהרען אַ געוויסע אונטערנעהמונג, נאָר זיי האַלטען פֿאַר זיך פֿאַר בעסער צו לייהען זייער געלד אויף פּראָצענט צו די אינדוסטריעלע אונטערנעהמער און סוחרים. דער קוואַל פֿון די הכנסות פֿון דיזע געלד-קאַפּיטאַליסטען באַשטאַפֿט זיי אַ געמיינזאַמען אינטערעס. די גרויס פֿון פּראָצענט פֿון איין געלד-קאַפּיטאַליסט וואַקסט ניט אויף'ן חשבון פֿון דער גרויס פֿון פּראָצענט פֿון די אַנדערע געלד-קאַפּיטאַליסטען; פֿאַר-קעהרט, וואָס העכער עס ווערט דער פּראָצענט אין איין אָרט, אַלץ העכער ווערט ער אין די אַנדערע ערטער. אָבער דיזער קוואַל פֿון הכנסות שטעלט זיי אויך אין אַ געמיינזאַמען גענגענזאַץ צו די איבעריגע קאַ-פּיטאַליסטען, ווייל די גרויס פֿון פּראָצענט שטייגט אויף'ן חשבון פֿון ריוח (פּראָפֿיט).

עס איז אָבער נויטיג דאָ צו באַמערקען, כדי עס זאָל קיין טעות ניט אויסקומען, אַז מיט דעם ווערט ניט געזאָגט, אַז ווי באַלד עס וואַקסט די גרויס פֿון פּראָצענט, מוז פֿאַלען די ראַטע פֿון ריוח *. דאָס וואָלט געווען פונקט אַזוי פֿאַלש, ווי ווען מען וואָלט זאָגען, אַז אויב די שבירות ווערען פֿאַרהעכערט, מוז דער ריוח פֿאַרקלענערט ווערען. אין דער צייט ווען די אינדוסטריע בליהט קענען אין איינער און דער זעלבער צייט שטייגען אי דער ריוח, אי דער פּראָצענט, אי די שבירות: אין דער צייט פֿון אַ קריזיס פֿאַלען זיי אַלע אין איין צייט. אָבער דאָס ענדערט ניט אום דעם פֿאַקט, אַז אין אַ געוויסען מאָמענט איז אַלץ, וואָס דער אונטערנעהמער שפּאָרט אָב פֿון די שבירות אָדער פֿון פּראָצענט אויף'ן קאַפּיטאַל — ווען אַלע איבע-ריגע בעדינגונגען בלייבען גלייך — אַז אַלץ דאָס פֿאַרגרעסערט זיין ריוח, און פֿאַרקעהרט, ווען דער גאַנצער פּראָדוקט פֿון דער געזעלשאַפֿט וואַקסט, דאַן קען ווערען גרעסער די מאַסע פֿון פּראָדוקטען, וועלכע עס קומט אויס אויף יעדען באַזונדערען קלאַס פֿון דער געזעלשאַפֿט,

---

* די ראַטע פֿון ריוח — הייסט דער ריוח אין פֿאַרגלייך מיט'ן קאַפּיטאַל, וואָס דער קאַפּיטאַליסט לייגט אַריין אין זיין געשעפֿט.

דער איבערזעצער.

אָבער דער פּראָצענטנער חלק* פון יעדען קלאַס אין גאַנצען פּראָדוקט קען ניט וואַקסען אין דער אייגענער צייט, נאָר דער פּראָצענטנער חלק פון איין קלאַס מוז ווערען קלענער, ווען דער פּראָצענטנער חלק פון דעם אַנדער קלאַס ווערט גרעסער**; און אין יעדען פאַל, ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דער גאַנצער פּראָדוקט, איז דער חלק פון יעדען איינצעלנעם קלאַס ווערט אין דער היינטיגער געזעלשאַפט ניט רעגולירט נאָך אַ באַשטימטען פּלאַן, נאָר ער ווערט באַשטימט דורך די פאַרשיידענסטע מינים פון עקאָנאָמישען און פּאָליטישען קאַמפּף, אין וועלכען יעדער קלאַס באַזונדער שטריינגט אָן אַלע זיינע כוחות, כדי אַריינצוכאַפּען אַ וואָס גרעסערען חלק.

אויף דיזען אופן פון דער פאַרנאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען גרינדען זיך די קלאַסען-אונטערשיידען, די קלאַסען-געגענזאַצען און די קלאַסען-קאַמפּפען. זיי מוזען שטענדיג עקסיסטירען, כל-זמן עס עקסיסטירט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט; דיזע געגענזאַצען ווערען ניט בטל, אָפּט ווערען זיי גאָר ניט שוואַכער, אפילו אין די צייטען ווען אי

---

* ד. ה. דער פּראָצענט פון גאַנצען פּראָדוקט, וועלכען עס באַקומט יעדער קלאַס. דער איבערזעצער.

** למשל, דער גאַנצער פּראָדוקט פון דער געזעלשאַפט האָט פאַר-אַ-יאָהרען באַטראָפען הונדערט מיליאָן רובל. פון דעם האָט דער קאַפּיטאַליסטענקלאַס באַקומען 60 מיליאָן און דער אַרבייטער-קלאַס 40 מיליאָן, אַלזאָ די קאַפּיטאַליסטען האָבען באַקומען 60% פון דעם גאַנצען פּראָדוקט און דער אַרבייטערקלאַס — 40%. היינטיגען יאָהר האָט זיך דער גאַנצער פּראָדוקט פאַרגרעסערט אין צווייען און באַטרעפט 200 מיליאָן. דערפון האָט דער קאַפּיטאַליסטענקלאַס באַקומען 125 מיליאָן און דער אַרבייטערקלאַס — 75 מיליאָן. די מאַסע פון פּראָדוקטען האָט זיך ביי די ביידע קלאַסען באַזונדער פאַרגרעסערט, אָבער דער פּראָצענטנער חלק פון די פּראָדוקטען איז ניט קיין גלייכער: דער קאַפּיטאַליסטענקלאַס, האָבענדיג 125 מיליאָן, האָט באַקומען 62½% פון דעם אַלגעמיינעם פּראָדוקט, אַלזאָ דער פּראָצענט פון זיין חלק האָט זיך פאַרגרעסערט, דער אַרבייטערקלאַס, האָבענדיג 75 מיליאָן, האָט באַקומען מעהר ניט ווי 37½%, אַלזאָ דער פּראָצענט פון זיין חלק אַנטקעגען דעם פאַריגען יאָהר האָט זיך פאַרקלענערט. מיר זעהען אַלזאָ, אַז די פאַרגרעסערונג פון דעם פּראָצענטנעם חלק פון איין קלאַס (אין אונזער ביישפּיל — פון קאַפּיטאַליסטענקלאַס) בריינגט מיט זיך אין דער זעלבער צייט די פאַרקלענערונג פון פּראָצענטנעם חלק פון צווייטען קלאַס (אין אונזער ביישפּיל פון אַרבייטערקלאַס). דער איבערזעצער.

די שכירות, אי דער ריוח, אי דער פּראָצענט שטייגען אין איין און דער זעלבער צייט — הגם דאָס איז, ווי באַקאַנט, מעהר ניט ווי א גיך פאַרבייגעהענדער משך פון פאַר'שיכר'טקייט, נאָך וועלכען עס קומט אָן אונפאַרמיידליך אַ צרה'דיגע אויסניכטערונג צוזאַמען מיט דער פאַרקלענערונג" פון די שכירות, פּראָפיט און פּראָצענט, ביי וועלכער דער קאַמפּף פאַר דעם חלק אין גאַנצען פּראָדוקט פון דער געזעלשאַפט ווערט שטאַרקער פאַנאַנדערגעבּרענט און די קלאַסען-געגענזאַצען ווערען נאָך שאַרפער.

דער בעגריף פון קלאַס האַלט אין זיך ניטיג דעם בעגריף פון קלאַסען-געגענזאַץ. נאָר אויב אַזוי, איז די ערקלערונג פון א פּאַרטיי, אַז זי פאַרהיט די אינטערעסען פון אַלע קלאַסען, מעהר ניט ווי א פּוסטע פראַזע, נאָך מעהר — אַ דעמאַגאָגישער* שווינדעל. דאָס איז פּונקט אַזוי, ווי דיזע פּאַרטיי וואָלט צוזאָגען, אַז זי וועט פאַרהיטען די אינטערעסען פון די קוואַרטיראַנטען (שכנים), סטאַרענדיג זיך צו פאַרקלענערען די דירה-געלד, און אין דער זעלבער צייט וועט זי אויך פאַרהיטען די אינטערעסען פון די בעלי-הבתים, סטאַרענדיג זיך צו פאַרהעכערען די דירה-געלד; אַז זי וועט שאַפען די אַרבייטער הויכע שכירות און די קאַפּיטאַליסטען וואָלוועלע אַרבייטס-קרעפטען; אַז זי וועט איינשטעלען פאַר די קאָנסומענטען** וואָלוועלע מקחים אויף לעבענס-מיטלען און פאַר די פּראָדוצענטען** פון די לעבענס-מיטלען — טייערע מקחים אויף לעבענסמיטלען א. ז. וו.

אין דער ווירקליכקייט זיינען צו די דריי גרויסע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט צוגעפּאַסט דריי גרויסע פּאַרטייען, וועלכע טרעטען אַרויס אין דער פּאָליטיק פון די היינטיגע מלוכות: די ליבעראַלען, די קאָנסערוואַטאָרען און די סאָציאַליסטען.

דערמיט איז אָבער ניט געזאָגט, אַז אין דער פּאָליטישער ווירקליכקייט אונטערשיידען זיך אַזוי שאַרף די פּאַרטייען, אַזוי ווי נאָך דער עקאָנאָמישער טעאָריע די קלאַסען. ערשטענס האָבען מיר צווישען-קלאַסען און ביי-קלאַסען, וועמעס קלאַסען-אינטערעסען שטימען ניט אין גאַנצען מיט איינעם אָדער מיט דעם צווייטען פון די דריי גרויסע קלאַ-

---

* דעמאַגאָג — אַ פאָלקספיהרער, וועלכער באַנוצט זיך פאַר זיינע אייגענע צילען מיט די שוואַכע זייטען און נידעריגסטע געפיהלען פון דער מאַסע. דער איבערזעצער.

** קאָנסומענט — דער וואָס געברויכט פּראָדוקטען, פּראָדוצענט — דער וואָס פּראָדוצירט, אַרבייט אויס די פּראָדוקטען.
דער איבערזעצער.

סען. דער געלד-קאַפּיטאַל, למשל, פאַרנעהמט אַ מיטעל-שטעלונג צווישען אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל און ערד-אייגענטום און עקספּלואַטירט ביידען גלייך; אויך פּאָליטיש פאַרנעהמט ער אַ מיטעל-שטעלונג צווישען דעם ליבעראַליזם און דעם פעאָדאַל-אַגראַרישען קאָנסערוואַטיזם און שלאָגט זיך צו דאָס צו איינער דאָס, צו דער צווייטער פון דיזע פּאַרטייען, אַזוי ווי ביי אונז, צום ביישפּיל, די נאַציאָנאַל-ליבעראַלען * און די פרייע-קאָנסערוואַטאָרען **.

פון דער אַנדערער זייט פאַרנעהמט די קליינע בורזשואַזיע אַ צווישען-שטעלונג צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם קאַפּיטאַליסטענקלאַס; די קליינע בויערן פאַרנעהמען אַ צווישען-שטעלונג צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און די ערד-בעזיצער.

אָבער די קלאַסען-געגענזאַצען שליסען אויך ניט אויס, אַז איינצעלנע טיילען פון פאַרשיידענע קלאַסען זאָלען זיך פאַראייניגען אין איין פּאַרטיי. אין אַ דעמאָקראַטישער מלוכה, מיט אַ׳ן אַלגעמיינעם וואהל-רעכט, קענען ניט די קאַפּיטאַליסטען ניט די גרויסע ערד-בעזיצער אַליין ניט איינהאַלטען די פּאָליטישע הערשאַפט; צו דעם זיינען זיי צו קליין אין צאָהל.

אין 1895 יאָהר האָט זיך גערעכענט אין דייטשלאַנד צווישען די זעלבשטענדיגע אין אינדוסטריע און האַנדעל (ד. ה. ניט רעכענענדיג די שכירות-אַרבייטער):

ניט פאַרמעגענדע (זעלבשטענדיגע אָהן העלפערס און וואָס זיינען פאַרנומען אין דער הויז-אינדוסטריע ***) . . . 1,721,418

---

* די נאַציאָנאַל-ליבעראַלע פּאַרטיי איז אַ דייטשע בורזשואַזנע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין 1866 יאָהר און האָט אונטערגעשטיצט די דייטשע רעגירונג אין איהר דייטש-נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. (ווי, למשל, אין דער שטרעבונג צו פאַראייניגען גאַנץ דייטשלאַנד אין איין מלוכה א. ז. וו.). איין צייט, אין מיטען פון די זיבעציגער יאָהרען איז זי געווען די שטאַרקסטע פּאַרטיי, איצט שפּילט זי שוין כמעט קיין שום ראָלע ניט. דער איבערזעצער.

** פריי-קאָנסערוואַטאָרען הייסען די דייטשע קאָנסערוואַטאָרען, וועלכע אונטערשטיצען שטענדיג די רעגירונג, זיי הייסען נאָך אַנדערש די „מלוכה׳שע פּאַרטיי". דער איבערזעצער.

*** הויז-אינדוסטריע רופט זיך די אינדוסטריע, וואו דער אַרבייטער אַרבייט ביי זיך צו הויז, אָבער ניט פאַר דעם אייגענעם געברויך אָדער אויף צו פאַרקויפען, נאָר פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכער גיט דעם אַרבייטער רויהע מאַטעריאַלען, און אַמאָל געהערען אויך די ווערקצייג דעם קאַפּיטאַליסט. דער איבערזעצער.

קליינע מייסטערס און הענדלער (בעזיצער און אָנפֿיהרער פֿון אונ-
טערנעהמונגען מיט 2 ביז 5 פּערזאָנען) . . . . . . 900,850

קליינע קאַפּיטאַליסטען (מיט אונטערנעהמונגען פֿון 5 ביז 20 פּער-
זאָנען) . . . . . . . . . . . 200,471

גרויסע קאַפּיטאַליסטען (מיט אונטערנעהמונגען פֿון מעהר אַלס 20
פּערזאָנען) . . . . . . . . . . 48,765

מיר זעהען, אַז די צאָהל פֿון גרויסע קאַפּיטאַליסטען אין דער גרופּע פֿון אינדוסטריעלע אונטערנעהמער און סוחרים דערגרייכט ניט אפילו 50,000. די צאָהל פֿון ווירקליכע פּראָלעטאַריער איז אפילו צווישען די כלומרשט „זעלבשטענדיגע" אַ סך גרעסער איידער די צאָהל פֿון קליינע קאַפּיטאַליסטען צוזאַמען מיט די, וועלכע שטעהען אויף דער צווישען-מדרגה צווישען פּראָלעטאַריאַט און קאַפּיטאַליסטען.

די אויבענגעבראַכטע איינטיילונגען פֿון די ציפֿערן שפּיגלען ניט אַלע מאָל אָב די ווירקליכקייט. אַ האַנדעלס-געשעפֿט מיט 5 אַרבייטער קען אַמאָל אַרומנעהמען זעהר אַ גרויסען קאַפּיטאַל. פֿון דער אַנדערער זייט קען מען אָפֿט אַ געוויסע אונטערנעהמונג מיט צוויי אַרבייטער, למשל, אַ מייסטער און אַ לעהר-אינגעל — צורעכענען צו די פּראָלעטאַרישע. די איינצעלנע פֿעהלער דאַרפֿען זיך אויסגלייכען, דערצו נאָך איז דער אונטערשייד אין די צאָהלען אַזוי גרויס, אַז די פּונקטליכקייט אין יעדען איינצעלנעם פֿאַל איז גאָר ניט וויכטיג.

עטוואָס בעסער פֿאַר די פֿאַרמעגענדע באַשטעהט די זאַך אין דער לאַנדווירטשאַפֿט. פֿון די זעלבשטענדיגע ערד-בעזיצער ווערען געצעהלט אין דעם קלאַס פֿון

ניט פֿאַרמעגענדע (ווייניגער פֿון 2 העקטאַר ערד) . 548,572
קליינע בויערן (2 ביז 5 העקטאַר) . . . . . 694,850
מיטעלע בויערן (פֿון 5 ביז 50 העקטאַר) . . . 1,221,284
גרעסערע ערד-בעזיצער (איבער 50 העקטאַר) . . 98,224

דאָ איז די צאָהל פֿון די פּראָלעטאַרישע כלומרשטדיגע אייגענטימער קלענער אין פֿאַרגלייך צו די ווירקליך פֿאַרמעגענדע, אָבער די צאָהל פֿון די גרעסערע ערד-בעזיצער איז אַלץ נאָך די קלענסטע.

נאָר צוליעגענדיג די צאָהל פֿון שכירות-אַרבייטער, קענען מיר גלייך אַרויסזעהען, ווי ווייט קליין איז די צאָהל פֿון די, וועלכע באַקומען זייערע הכנסות מעהר ניט ווי פֿון זייער ערד-אייגענטום אָדער פֿון אַ קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעהמונג.

דעמאָלט באַקומען מיר אין דער לאַנדווירטשאַפֿט:

| | | |
|---|---|---|
| שכירות-אַרבייטער . . . . . . | 5,723,967 | 6,272,539 |
| ניט פֿאַרמעגענדע, זעלבשטענדיגע . | 548,572 | |

| | | |
|---|---|---|
| בויערן . . . . . . . . | 1,916,134 | |
| גרעסערע ערד-בעזיצער . . . . . | 98,224 | |

נאָך ערגער באַשטעהט די זאַך אין אינדוסטריע און האַנדעל:

| | | |
|---|---|---|
| שכירות-אַרבייטער . . . . . . | 7,714,410 | 9,435,828 |
| ניט פאַרמעגענדע זעלבשטענדיגע . | 1,721,418 | |
| מיטעל-קלאַס . . . . . . . . | 1,101,321 | |
| גרויסע קאַפּיטאַליסטען . . . . | 48,765 | |

דאָס גיט צוזאַמען אין די דריי גרויסע פּראָדוקציאָנס-צווייגען:

| | | |
|---|---|---|
| שכירות-אַרבייטער . . . . . | 13,438,377 | 15,708,367 |
| ניט פאַרמעגענדע זעלבשטענדיגע . | 2,269,990 | |
| מיטעל-קלאַס . . . . . . . | 3,017,455 | |
| גרויסע קאַפּיטאַליסטען און ערד-בעזיצער | 146,989 | |

אויב מיר וועלען אהער צוגעבען די איבעריגע פּראָדוקציאָנס-צווייגען און מיר וועלען אויך מיטרעכענען די פאַמיליען-מיטלידער אין יעדען קלאַס, דאַן ערהאַלטען מיר פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג די פאָלגענדע ציפערען:

| | | |
|---|---|---|
| שכירות-אַרבייטער . . . . . . . | 28,757,058 | 55,55% |
| ניט פאַרמעגענדע זעלבסטשטענדיגע . | 6,492,384 | 12,54% |
| מיטעל-קלאַס . . . . . . . . | 15,874,600 | 30,66% |
| גרויסע קאַפּיטאַליסטען און ערד-בעזיצער . | 646,242 | 1,25% |

דאָ ווייזט זיך אַרויס דער איבערוואָג פון פּראָלעטאַריאַט ניט אַזוי באַדייטענד, ווייל די צאָהל פון די ניט-אַרבייטענדע פאַמיליען-מיטגלידער איז ביי איהם זעהר קליין. אָבער אויך אין דער לעצטער טאַבליצע איז דער פּראָלעטאַריאַט דער גרעסטער אין צאָהל. ער נעהמט אַרום 68 פּראָצענט, מעהר אַלס צוויי דריטעל פון דער באַפעלקערונג, בעת די קאַפּיטאַליסטען און ערד-בעזיצער — נאָר עטוואָס מעהר פון 1 פּראָצענט.

עס איז קלאָר, ווי טרויעריג עס וואָלט אויסגעקומען די קלאַסען, וועלכע באַקומען זייערע הכנסות פון קאַפּיטאַל אָדער פון דעם ערד-אייגענטום, ווען זיי וואָלטען זיך אין זייער פּאָליטישען קאַמפּף געהאַלטען נאָר אויף זייערע אייגענע מיטגלידער. זיי מוזען זעהען צו געפינען אין דער מאַסע פון דער באַפעלקערונג הילפס-חיל, וועלכע זאָלען זיי געבען די נויטיגע שטימען. כפעציעל די צוויי צווישען-קלאַסען, די קליינע בורזשואַ און די בויערן מיט זייערע צווייענדיגע קלאַסען-אינטערעסען ווייזען זיך אויס דיזע גרויסע אייגענטימער ווי געבאָרען דערצו. אָבער די פּאַרטייען פון די פאַרמעגענדע קלאַסען זוכען צו געפינען שטימען אויך אין פּראָלעטאַריאַט. פּוסטע הבטחות, וואָס זיינען

אָפֿט פּשוט'ע שווינדלעריי, און דאָרט, וואו מיט הבטחות קען מען ווייניג דערגרייכען, — סטראַשונקעס מיט אייביגע און צייטליכע שטראָפֿען, לסוף, וואו דאָס העלפֿט אויך ניט — פּשוט'ע נויטונג, די אויסנוצונג פֿון אַלע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און גייסטיגע מאַכט-מיטלען, וועלכע זיי האָבען אין זייערע הענד דורך דער פּריווילעגירטער לאַגע, אין וועלכע זיי געפֿינען זיך, — דאָס זיינען די מעטאָדען פֿון דער „וואַהל-אַגיטאַציע״ פֿון דיזע פּאַרטייען, ד. ה. זייער שטרעבונג אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל שטימען שטעלען אין דינסט צו די אינטערעסען פֿון קאַפּיטאַל און פֿון דעם גרויסען ערד-אייגענטום.

עס פֿאַרשטעהט זיך, אַז ביי אַזאַ מין וואַהל-קאַמפּף קענען ניט און טאָרען ניט די פּאַרטייען פֿון די פֿאַרמעגענדע קלאַסען מודה זיין, אַז עס עקסיסטירען קלאַסען-אינטערעסען און קלאַסען-געגענזאַצען, זיי מוזען פֿאַרדעקען די קלאַסען-געגענזאַצען און אפילו אין גאַנצען אָבלייקענען זיי. יעדערער, ווער עס דעקט נאָר אויף די קלאַסען-געגענזאַצען איז זייער בלוט-שונא. אָבער זיי לייקענען אָב די קלאַסען-געגענזאַצען נאָר צוליב דעם, כדי צו דינען זייערע אייגענע קלאַסען-אינטערעסען.

אַנדערש איז די סאָציאַלדעמאָקראַטיע, די פּאַרטיי פֿון פּראָלעטאַריאַט. די קאַפּיטאַליסטען און די גרויסע ערד-בעזיצער זיינען מעהר ניט ווי אַ קליינינקע מינדערצאָהל פֿון דער באַפֿעלקערונג. ביי דעם אַלגעמיינעם וואַהלרעכט וואָלטען זיי פּאָליטיש אין גאַנצען פֿאַרשוואונדען געוואָרען, ווען זיי וואָלט ניט געלינגען צו קריגען שטימען פֿאַר זייערע פּאַרטייען פֿון אַנדערע קלאַסען. דער פּראָלעטאַריאַט, פֿאַרקעהרט, איז דער שטאַרקסטער קלאַס פֿון דער באַפֿעלקערונג. אין אַ אינדוסטריעלען דעמאָקראַטישען לאַנד איז זיין נצחון פֿאַרזיכערט אין יענעם מאָמענט, ווען איהם וועט זיך איינגעבען אויפֿצוּוועקען דעם קלאַסען-באַוואוסטזיין פֿון זיינע קלאַסען-גענאָסען און אָבצוקעהרען זיי פֿון נאָכצושלעפּען זיך נאָך די בורזשואַזנע פּאַרטייען.

אויב די אויפֿגאַבע פֿון אַנדערע פּאַרטייען איז אַלזאָ אָבצונאַרען די מאַסען פֿון דער באַפֿעלקערונג בנוגע צו זייערע קלאַסען-אינטערעסען, כדי צו באַנוצען זיך מיט זיי, איז נויטיג פֿאַר דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע זיי קלאָר צו מאַכען זייערע קלאַסען-אינטערעסען, כדי מען זאָל זיך מיט זיי מעהר ניט באַנוצען ווי מיט שטים-בהמות צוליב פֿרעמדע און פֿיינדליכע קלאַסען-אינטערעסען. אָט דעריבער שטריכעלט אונטער די סאָציאַלדעמאָקראַטיע די קלאַסען-געגענזאַצען און ערקלערט דאָס דעם פֿאָלק.

נאָר עס וואָלט ניט זיין קיין גרעסערער טעות צו שליסען דערפֿון, אַז נאָר די סאָציאַלדעמאָקראַטיע דינט באַשטימטע קלאַסען-אינטערעסען.

דאָס טוט יעדע אַנדערע פּאַרטיי אויך. נאָך מעהר, גראָד דערפֿאַר,
וואָס זי איז די פֿאָרשטעהערין פֿון די קלאַסען-אינטערעסען פֿון פּראָלע-
טאַריאַט, באַשיצט זי אין אַ פֿיל העכערען גראַד איידער יעדע אַנדערע
פּאַרטיי די אַלגעמיינע אינטערעסען, די אינטערעסען פֿון דער מאַסע פֿון
דער באַפֿעלקערונג. און זי באַשיצט דיזע אינטערעסען ניט נאָר דער-
פֿאַר, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט איז די מעהרצאָהל פֿון פֿאָלק, נאָר אויך
דערפֿאַר, ווייל די אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַריאַט טרעפֿען זיך צוזאַמען
מיט די אינטערעסען פֿון דער גאַנצער נאַציאָן.

## II. פרייהייט און גערעכטיגקייט.

ווען מיר זאָגען, אַז די קלאַסען שטעהען איינע געגען די אַנדערע
אין אַ נויטיגען געגענזאַץ, אַז דעריבער קען קיין פּאַרטיי ריכטיג
פֿאָרשטעלען די אינטערעסען פֿון פֿילע אָדער אפילו גאַר פֿון אַלע גרוי-
סע קלאַסען, הייסט דאָס ניט, אַז יעדער פּאַרטיי איז גענויטיגט צו באַ-
גרענעצען זיך נאָר מיט דער פֿאַרטרעטונג פֿון אַ באַשטימטען קלאַסען-
אינטערעס. זי קען ניט אין דעם משך פֿון אַ לאַנגע צייט פֿאָרשטעלען
פֿאַרשיידענע קלאַסען-אינטערעסען, אָבער זי קען און זי מוז פֿאָרשטע-
לען נאָך אַנדערע אינטערעסען ווי די קלאַסען-אינטערעסען. נאַטירליך
רעדט זיך דאָ נאָר וועגען געזעלשאַפֿטליכע און ניט פּערזענליכע אינ-
טערעסען, וועלכע האָבען גאָר ניט צו טאָן אין דער פּאָליטיק, און ווען
זיי שפּיעלען דאָרטען יע אַ ראָלע, מוזען זיי שטענדיג אַרויסטרעטען אונ-
טער דער מאַסקע פֿון געזעלשאַפֿטליכע אינטערעסען. אָבער צווישען
די געזעלשאַפֿטליכע אינטערעסען געפֿינען זיך אַזעלכע, וועלכע זיינען
ניט קיין קלאַסען-אינטערעסען. דער סך-הכל פֿון אַלע קלאַסען-אינטע-
רעסען, וועלכע ווירקען אין דער געזעלשאַפֿט, איז נאָך ניט דער סך-
הכל פֿון אַלע אינטערעסען בכלל, וואָס געפֿינען זיך אין דער געזעל-
שאַפֿט. די אינטערעסען פֿון קונסט און וויסענשאַפֿט, די אינטערעסען
פֿון די געשלעכטער (פֿרויען און מענער) און נאָך אַזעלכע זיינען אין
פֿילע פּרטים ניט קיין קלאַסען-אינטערעסען.

אָבער דאָך געפֿינען זיך אַלע געזעלשאַפֿטליכע אינטערעסען אין
דער נאָהענטסטער אָרגאַנישער פֿאַרבינדונג* איינע מיט די אַנדערע,
און אין דער לעצטער שורה זיינען די קלאַסען-אינטערעסען די באַשטימענדע,

---

* אָרגאַנישער — פֿון וואָרט אָרגאַן (אבר). אָרגאַנישע פֿאַרבינ-
דונג הייסט אַזאַ פֿאַרבינדונג ווי צווישען די גלידער פֿון איין קערפּער,
צווישען די טיילען פֿון איין אָרגאַניזם. דער איבערזעצער.

ענטשיידענדע אינטערעסען. מיט דעם, וואָס יעדער קלאַס פֿאַרנעהמט אַ באַזונדערע לאַגע אין דער געזעלשאַפֿט, פֿאַרנעהמט ער שוין אויך אַ באַזונדערע האַלטונג בנוגע צו יענע געזעלשאַפֿטליכע אינטערעסען, וועלכע זיינען ניט דירעקט קיין קלאַסען-אינטערעסען, און צוזאַמען מיט דעם פֿאַרנעהעט שוין אויך די פּאַרטיי, וואָס קעמפֿט פֿאַר די אינטערעסען פֿון דיזען קלאַס, אויך אַ באַזונדערע באַשטימטע האַלטונג בנוגע צו פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטליכע אויפֿגאַבען.

אַזוי דאַרף זיך אויך די סאָציאַלדעמאָקראַטיע באַשעפֿטיגען מיט אַלע געזעלשאַפֿטליכע פֿראַגען, אפילו ווען זיי האָבען ניט קיין דירעקטע שייכות צו די פּראָלעטאַרישע קלאַסען-אינטערעסען, אָבער איהר האַלטונג אַנטקעגען יעדער איינצעלנער פֿון דיזע פֿראַגען איז ניט קיין צופֿעליגע, נאָר זי ווערט באַשטימט דורך דער באַזונדערער לאַגע, וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט פֿאַרנעהמט אין דער געזעלשאַפֿט.

נאָר דער פּראָלעטאַריאַט איז גאָר אַ באַזונדער מין קלאַס. ער שטעלט ניט נאָר פֿאַר, ווי מיר האָבען געזעהען, די גרעסטע מעהרצאָהל פֿון דער באַפֿעלקערונג אין די אינדוסטריע-מלוכות — פֿון צוויידריטעל ביז דריי פֿערטעל,—ער איז אויך דער איינציגער קלאַס, וועלכער לעבט נאָר פֿון זיין אַרבייט און ניט נאָך אויך פֿון עקספּלואַטאַציע פֿון אַנדערע.

אמת, אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט איז כמעט קיינער ניט פֿאַרזיכערט פֿון דעם גורל צו זיין עקספּלואַטירט. מיר האָבען שוין געזעהען, אַז די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען און די ערד-בעזיצער ווערען אויך עקספּלואַטירט פֿון דעם געלד-קאַפּיטאַליסט, אויב זיי זיינען געצוואונגען צו לייהען ביי איהם געלד. אָבער אויך דער געלד-קאַפּיטאַליסט אַליין, אַזוי ווי יעדער אַנדערער בירגער פֿון דער מלוכה, ווערט פֿון זיין זייט עקספּלואַטירט פֿון דער מלוכה-מאַכט, וועלכער ער דאַרף צאָהלען שטייערן, מעהר גיט ווי אַ געוויסער טייל געהט פֿון דיזע שטייערן אויף דער נוּיטיגער אַרבייט, וואָס ווערט געמאַכט פֿאַר דער געזעלשאַפֿט; דער אַנדערער טייל דינט מעהר נישט ווי אויף צו האָדעווען פּאַראַזיטען, וועלכע עס געפֿינען זיך גאַנץ גענוג אין יעדער מלוכה און וועלכע קענען ביי געוויסע אומשטענדען, ווי למשל, אין פֿראַנקרייך פֿאַר דער רעוואָלוציע, רואינירען (מהריב זיין) דעם גאַנצען פֿאָלק, אויסזויגענדיג פֿון איהם די בלוט.

אָבער אויך די הויכע, די העכסטע, אפילו די סאַמע העכסטע פּריצים קענען פֿון זייער זייט אויך זיין עקספּלואַטירט. גאַנץ אָפֿט פֿאַלען זיי אַריין אין חובות און דאַן דאַרפֿען זיי שוין צאָהלען צינז דעם געלד-קאַפּיטאַל. די שפּיצען פֿון דער עקספּלואַטירענדער געזעלשאַפֿט

ווערען אויף אַזאַ אופן פיל מאָל עקספּלואַטירט איינע פון די אַנדערע און דערביי בלייבט דאָך שטענדיג דער געלד-קאַפּיטאַליסט פון די, וועלכע לאַבען די לעצטע.

אַט דעריבער קלאָגט זיך אין דער בורזשואַזנער געזעלשאַפט די גאַנצע וועלט אויף עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. עס איז מסופק צו קען זיך געפינען כאָטש איין קלאַס, וועלכער זאָל ניט דאַרפען קעמפ-פען פאַר אַ וועלכע עס איז פרייהייט און פאַר אַ וועלכען עס איז רעכט.

אָבער אין דער זעלבער צייט איז ניטאָ קיין איין קלאַס, חוץ דעם פּראָלעטאַריאַט — די שכירות-אַרבייטער צוזאַמען מיט די גאָר קליינע בויערן, די בעלי-מלאכות, וואָס אַרבייטען אַליין אָהן פּועלים, און די קליינע בעלי-מלאכות אין דער הויז-אינדוסטריע, — וועלכער זאָל כאָטש אַ טייל פון זיינע הכנסות ניט באַקומען דורך דער עקספּלואַטאַציע פון אַנדערע, און וועלכער זאָל ניט זיין פאַראינטערעסירט אין אַ וועלכען עס איז מין פון עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. חוץ דעם פּראָ-לעטאַריאַט קען דעריבער קיין איין קלאַס ניט פיהרען דעם קאַמפף פאַר פרייהייט און רעכט, האָבענדיג אין זינען אַלעמען גלייך, נאָר יעדערער מוז אָבזאָגען דעם צווייטען אין דעם, וואָס ער פאָדערט פאַר זיך אַליין. אַזאַ צווייענדיגע מאָס פאַר זיך און פאַר אַנדערע נעהמט אָן צייטענווייז די מאָדנעסטע געשטאַלטען.

די דייטשע פירשטען פון זעכצענטען און זיבעצענטען יאָהרהונדערט, בשעת זיי האָבען געוואָלט פאַרשטאַרקען זייער אייגענעם דעספּאָטיזם אויף'ן חשבון פון דער קייזערליכער מאַכט, האָבען ערקלערט, אַז זיי קעמפפען פאַר די „דייטשע פרייהייט". נאָר די זעלבע זאָך האָט ער-קלערט דער נידעריגערער אַדעל בנוגע צו דיזע פירשטען אַליין. אָבער ביידע, אי דער נידעריגערער אַדעל אי די פירשטען, האָבען זיך מיט אַ ווילדער רציחה אַרויפגעוואָרפען אויף די בויערן, ווען די לעצטע האָ-בען אויך געוואָלט באַקומען אַ ביסעלע פרייהייט.

אין דער ערקלערונג וועגען דער אונאָבהענגיגקייט פון די פאַראיי-ניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ פון 4-טען יולי 1776 יאָהר ווערט געזאָגט, „אַז אַלע מענשען זיינען גלייך געבאָרען, אַז זיי אַלע האָ-בען באַקומען פון זייער באַשעפער רעכטען, וואָס מען טאָר פון זיי ניט אָבנעהמען, אַז צו דיזען לעבען מוז געהערען פרייהייט און די שטרע-בונג צו גליק". אָבער צוזאַמען מיט דיזע אַלע רעכטען, וואָס מען טאָר פון קיין מענשען ניט אָבנעהמען, האָט, נאָך דער מיינונג פון די וואָס האָבען פערפאַסט דיזע ערקלערונג, זיך זעהר גוט געקענט פאַרטראָגען די פּאָליטישע רעכטלאָזיגקייט פון פרויען, די ערקלערונג, אַז די אינדיאַ-נער שטעהען אויסערען געזעץ, די שקלאַפעריי פון די נעגערס.

עס עקסיסטירט נאָר איין קלאַס, וועלכער קען פֿיהרען אַ קאַמפּף געגען יעדער מין עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, דאָס איז — דער פּראָלעטאַריאַט. און ניט נאָר ער קען אַזאַ קאַמפּף פֿיהרען, נאָר ער מוז איהם פֿיהרען, ווייל זיין אייגענע עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג קען נאָר דאַן בטל ווערען, ווען עס וועט בטל ווערען יעדע מעגליכקייט פֿון וועלכער עס איז עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג בכלל.

די סאָציאַלדעמאָקראַטיע, וועלכע איז די איינציגע באַוואוסטע און אמת'ע פֿאָרשטעהערין פֿון די קלאַסען-אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַריאַט, איז דעריבער אויך די איינציגע פּאַרטיי, וועלכע טרעט אַרויס געגען יעדע אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע, פֿאַר גלייכע פֿרייהייט און גלייכע רעכטען פֿאַר אַלעמען גלייך.

זי אַליין פֿאָדערט די פֿאָלקאָמע פֿרייהייט פֿון דער וויסענשאַפֿט. אפילו די מעהר דעמאָקראַטישע פֿון אונזערע בורזשואַזנע דעמאָקראַטען האַלטען, אַז די וויסענשאַפֿטליכע לעהרען אין די אוניווערזיטעטען דאַרפֿען בלייבען פֿאַר אַ מאָנאָפּאָל פֿאַר די אָנהיינגער פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג. זיי פֿאָדערען אַ וויסענשאַפֿט, וואָס זאָל זיין פֿריי פֿון יעדע „פֿאָראויס-אָנגענומענע מיינונג", אָבער אונטער דעם ניט אַרויסגערעדטען פֿאָראויס-אָנגענומענעם תנאי, אַז פֿאַר יעדען פֿאָרשער, וועלכער קומט צו רעזולטאַטען, וואָס זיינען ניט בעקוועם דער הערשענדער געזעלשאַפֿטליכער און מלוכה'שער אָרדנונג, דאַרף מען פֿאַרמאַכען די טירען פֿון דעם „טעמפּעל פֿון וויסענשאַפֿט".

וואָס עס איז נוגע אָן דער פֿאָלקאָמער פֿרייהייט פֿון דער וויסענשאַפֿט, קען מען נאָך אַלץ זאָגען, אַז די סאָציאַלדעמאָקראַטיע פֿאָדערט דאָס צוליב איהרע אייגענע אינטערעסען: ווייל דוקא אָט די וויסענשאַפֿטליכע ריכטונג, אָן וועלכע זי האַלט זיך, איז אין די אוניווערזיטעטען פֿאַרבאָטען.

אָבער די סאָציאַלדעמאָקראַטיע טרעט אויך אַרויס פֿאַר יעדער באַדריקטער נאַציאָן, אַלץ איינס צי דאָס איז איהר אייגענע צי אַ פֿרעמדע. קיין שום דייטשע פּאַרטיי איז אַזוי ענערגיש ווי די סאָציאַלדעמאָקראַטיע ניט אַרויסגעטרעטען געגען די אונטערדריקונגס-תקנות, וועלכע זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען געגען די פּרייסישע פּאָליאַקען און דענעמאַרקער; קיין שום פּאַרטיי אין ענגלאַנד האָט זיך אַזוי ענערגיש ווי די סאָציאַליסטישע ניט געשטעלט אויף דעם צד פֿון די אירלענדער.

צוליב דער זעלבער אורזאַכע קעמפּפֿט די סאָציאַלדעמאָקראַטיע געגען יעדע קאָלאָניאַלע איינגעהמונגס-פּאָליטיק ניט נאָר אין דייטשלאַנד, פֿראַנקריך, איטאַליען, וואו די עקספּלואַטאַציע פֿון קאָלאָניעס איז בכלל זעהר אַ שלעכטער געשעפֿט, נאָר אויך אין האָ-

ל אַ נ ד און ע נ ג ל אַ נ ד, וואו פֿון דער עקספּלואַטאַציע פֿון די קאָלאָ-
ניעס נעהמט זיך אַ גרויסער טייל פֿון זייער נאַציאָנאַלען רייכטום.

מיט דער קלאַסען-לאַגע פֿון פּראָלעטאַריאַט, דורך וועלכע ער איז
געצוואונגען אַרויסצוטרעטען געגען יעדע עקספּלואַטאַציע און געגען
יעדע אונטערדריקונג, שטימט אויך די האַלטונג פֿון דער סאָציאַלדע-
מאָקראַטיע אין דער פֿרויען-פֿראַגע.

לאַנגזאַם און ניט זיכער, גיכער פֿון נויט איידער נאָך דעם אייגע-
נעם פֿאַרלאַנג, הייבען איצט אָן אייניגע בורזשואַזנע פּאַרטייען מבטל
צו מאַכען די אָדער יענע רעכטליכע און פּאָליטישע פּריווילעגיעס
פֿון די מענער, וועלכע גיבען זיי די הערשאַפֿט איבער די פֿרויען. די
איינציגע פּאַרטיי, וועלכע קעמפֿט איצט און וועלכע האָט שטענדיג
געקעמפֿט געגען דיזע פּריווילעגיעס אין זייער גאַנצען סך-הכל, איז די
סאָציאַלדעמאָקראַטיע.

זי פֿאַרטיידיגט אפילו איהרע געגנער אין דעם פֿאַל, ווען זיי זיי-
נען אונטערגעדריקט. דאָס איז ניט נאָר בנוגע צו די נאַציאָנאַליסטען
פֿון פּ ו י ל ע ן און א י ר ל אַ נ ד, צווישען וועלכע די מעהרצאָהל געהערט
צו די סאַמע רעאַקציאָנערע עלעמענטען, ניט נאָר בנוגע צו די בורזשו-
אַזנע פֿרויען, וועלכע באַנוצען זיך שוין צו פֿיל אין הײנטיגער צייט מיט
זייער פּאָליטישער ווירקונג כדי צו אונטערדריקען דעם פּראָלעטאַריאַט, דאָס
איז אויך בנוגע צו דער קירכע, ספּעציעל צו דער קאַטוילישער קירכע.
די גלחים, די גייסטליכקייט — דאָס איז אַ מעכטיגע עקספּלואַטירענדע
און אונטערדריקענדע אָרגאַניזאַציע, וועלכע טרעט אַרויס מיט דער
העכסטער פֿיינדליכקייט געגען אַלע באַפֿרייאונגס-שטרעבונגען פֿון פּראָ-
לעטאַריאַט. לויט נאָך איהרע פּרינציפּען מוז די סאָציאַלדעמאָקראַטיע
ענערגיש קעמפֿען מיט די גלחים אומעטום, וואו זיי האַלטען אונטער
און שטיצען די עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, און זי מוז שטרע-
בען אָבצונעהמען פֿון זיי די פּריווילעגיעס, וועלכע מאַכען זיי פֿאַר אַזאַ
געפֿעהרליכען געגנער פֿון דעם שטייגענדען פּראָלעטאַריאַט. אָבער די
סאָציאַלדעמאָקראַטיע טרעט אַרויס צו פֿאַרטיידיגען די רעכטען פֿון די
זעלבע גלחים דאָרט, וואו זיי זיינען אונטערגעדריקט און שטעהען אונטער
אויסנאַהמס-געזעצען. זי איז אַלע מאָל, ווי עס איז באַקאַנט, געווען
געגען דעם „קולטור קאַמפּף״ * און נאָך איצט אויך פֿאָדערט זי מען
זאָל מבטל זיין די איבערגעבליבענע רעשטען פֿון די פֿריהערדיגע אויס-

* קולטור-קאַמפּף הייסט דער קאַמפּף צווישען דער קאַטוילישער
קירכע און דער מלוכה אין ד י י ט ש ל אַ נ ד און איבערהויפּט אין פּ ר י י
ס ע ן פֿון 1872 יאָהר אָן. דער א י ב ע ר ז ע צ ע ר.

נאַהמס-גזעצען געגען די קאַטאָליקען.

די זעלביגע פּרינציפּען באַשטימען אויך די האַלטונג פֿון דער סאָ-ציאַלדעמאָקראַטיע בנוגע צו די צווישען-קלאַסען, וועלכע שטעהען צווי-שען דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם קלאַס פֿון די גרויסע עקספּלואַטאַ-טאָרען. דאָרט, וואו דיזע צווישען-קלאַסען — די קליינע בורזשואַ און בויערן — ווילען פֿאַרבעסערען זייער לאַגע דורך נאָך אַ שטאַר-קערע אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע פֿון נאָך שוואַכערע, ווי למשל, פֿון די שכירות-אַרבייטער אָדער פֿון זייערע אייגענע קינדער, דאָרטען קען די סאָציאַלדעמאָקראַטיע ניט שטעהען אויף זייער צד און העלפֿען זיי; דאָרטען מוז זי אַרויסטרעטען געגען זיי. אָבער די זעלביגע קלאַ-סען האָבען ניט קיין בעסערען באַשיצער דאָרטען, וואו זיי אַליין קעמפּ-פֿען געגען עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. ווען די סאָציאַלדע-מאָקראַטיע שטעהט איצט אין דער ערשטער רייהע אין קאַמפּף געגען די שטייערן אויף די לעבענס-מיטלען, פֿאַרטיידיגט זי דערביי די אינטע-רעסען ניט נאָר פֿון די פּראָלעטאַריער, נאָר אויך פֿון די קליינע בורזשואַ און פֿון די קליינע בויערן. דיזע קלאַסען דינט זי אויך דערמיט, וואָס זי קעמפּפֿט געגען דעם מיליטאַריזם, וואָס זי פֿאָדערט די פֿאַרבייטונג פֿון אַלע ניט-דירעקטע שטייערן מיט פּראָגרעסיווע שטייערן אויף די הכנסות און פֿאַרמעגענס*, דערמיט, וואָס זי פֿאָדערט איבערצוגעבען דער מלוכה אָדער די קהילות אַלע גרויסע מאָנאָפּאָליעס און ד. ג. מעהר ניט ווי אויף אַזוינע אופנים קענען די קליינע בורזשואַ און די קליינע בויערן ערוואַרטען זיך הילף, אויף ווי פֿיל זיי קענען בכלל גע-האָלפֿען ווערען אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט.

עס קען ניט זיין קיין גרעסערער טעות ווי די מיינונג, אַז די סאָ-ציאַלדעמאָקראַטיע וויל ווי ווייט מעגליך פֿאַראומערען דעם לעבען

---

* שטייערן (אָבצאָהלונגען) זיינען דאָ דירעקטע און ניט-די-רעקטע. דירעקטע הייסען אַזוינע אָבצאָהלונגען, וואָס זיינען אַרויפֿ-געלייגט אויף אייגענס און הכנסות; ניט-דירעקטע — אַזוינע, וואָס זיי-נען אַרויפֿגעלייגט אויף די לעבענס-מיטלען. פּראָגרעסיווע שטייערן אויף די הכנסות — דאָס איז אַ דירעקטער שטייער, וועלכער איז אַזוי איינגעאָרדענט, אַז וואָס איינער איז רייכער, דאַרף ער צאָהלען אַלץ אַ גרעסערען פּראָצענט פֿון זיין הכנסה. די דירעקטע שטייערן פֿאַלען אויף אַזאַ אופן אויף די פֿאַרמעגענדע קלאַסען, בעת די ניט-דירעקטע דריקען מיט זייער משא די אָרעמע קלאַסען, און זיינען דערביי נאָך מיט דעם שעדליכער, וואָס ביי זיי זעהט מען ניט קלאָר אַרויס, וואוהין און פֿאַרוואָס מען צאָהלט. דער איבערזעצער.

פֿון די קליינע מענשען. זי העלפֿט זיי דאָרטען, וואו עס איז אויף אַ גלייכען אופן מעגליך, דאָס הייסט, וואו דאָס שטימט מיט די באַדער-פֿענישען פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פֿון פֿאָלק בכלל; נאָר עס פֿאַרשטעהט זיך, אַז זי איז אַ שטאַרקע און ענערגישע געגנערין פֿון דעם, אַז זייער הילף זאָל באַשאַפֿען ווערען דורך אַ פֿאַרהעכערטע עקס-פּלואַטאַציע.

אויף אַזאַ אופן וואַקסט אַרויס פֿאַר דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע — גראָד פֿון דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסען-כאַראַקטער — אַ גאַנצע רייהע פֿון העכסט וויכטיגע פּאָליטישע אויפֿגאַבען, וועלכע טרעטען ווייט אַרויס איבער די שמעלערע קלאַסען-אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַריאַט. אָט דעם אומשטאַנד האָט די סאָציאַלדעמאָקראַטיע צו פֿאַרדאַנקען דאָס, וואָס צו איהר ציהען זיך אפילו ניט-פּראָלעטאַרישע עלעמענטען.

מיר האָבען געזעהען, אַז צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און די ביי-דע אַנדערע גרויסע קלאַסען, וואָס האָבען זייערע באַזונדערע קוואַלען פֿון הכנסות, געפֿינען זיך פֿיל צווישען-גלידער. נעבען די האַנדווערקער, די קליינע הענדלער און די בויערן דאַרף מען דאָ רעכענען אויך די, ווי מען רופֿט זיי, אינטעליגענטען, וועלכע שטעהען לויט זייער לעבענס-פֿיהרונג, זייערע פּערזענליכע בעציהונגען און אָפֿט דורך זייער בעשעפֿ-טיגונג (למשל, אַלס פֿאָרשטעהער פֿון קאַפּיטאַל) נאָהענט צום קלאַס קאַפּי-טאַליסטען, אָבער אין דער זעלבער צייט לעבען זיי ווי דער פּראָלעטאַ-ריאַט פֿון זייער אַרבייט — עס פֿאַרשטעהט זיך, קוואַליפֿיצירטער אַר-בייט — און פֿאַרנעהמען צווישען די אַרבייטער אַ אַריסטאָקראַטישע שטעלונג. פֿון דער אַנדערער זייט האָבען מיר אָבער אויך געזעהען, אַז אפילו צווישען די עקספּלואַטאַטאָרען אַליין איז מסופק צו עס עקסיסטירט כאָטש איין גרופּע, וועלכע זאָל פֿון איהר זייט ניט זיין אויף וועלכען עס איז אופן עקספּלואַטירט. לסוף ווייסען מיר אויך, אַז די עקספּלואַטירטע עקס-פּלואַטירער, כאָטש זיי האָבען אַ שאַרפֿע אויג צו זעהן יעדע עקספּלואַטאַ-ציע און אונטערדריקונג, פֿון וועלכע זיי אַליין ליידען, זיינען אָבער בלינד צו זעהן די עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, וועלכע געהט אַרויס פֿון זיי אַליין. גאַנץ לייכט קומען זיי צו דער מיינונג, אַז דער באַזונ-דערער אופן פֿון עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, פֿון וועלכע זיי ליידען, איז דער איינציגער אופן פֿון עקספּלואַטאַציע, געגען וועלכען עס איז אַ יושר צו קעמפֿען, און זיי ערקלערען דאַן דעם קאַמפף גע-גען אַלע מינים פֿון עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. נעבען דער זעלבסט-נאַרעריי ווירקט דאָ אָפֿט אויך אַ דעמאַגאָגישע כונה: אַרויפֿלייגענדיג אויף זייער קאַמפף געגען אַ באַזונדער מין פֿון עקס-פּלואַטאַציע און אונטערדריקונג דעם שטעמפּעל פֿון קאַמפף פֿאַר אַל-

געמיינע פֿרייהייט און גלייכהייט, אָדער, ווי מען זאָגט אויך, גערעכטיג-קייט, האָפֿען זיי דערמיט צו באַקומען די אונטערשטיצונג פֿון די אונ-טערשטע פֿאָלקס-קלאַסען, וועלכע זיינען גענייגט נאָך זייער קלאַסען-לאַגע צו מאַכען יעדען מין פֿון אַזעלכע קאַמפּפֿען פֿאַר זייער אייגענעם קאַמפּף.

נאָר אין יעדען פֿון דיזע עקספּלואַטירענדע קלאַסען, וועלכע קעמפּפֿען בלומרשט פֿאַר פרייהייט און רעכט, און נאָך מעהר אין די צווישען-גרופּען, וואָס שטעהען צווישען דיזע קלאַסען און דעם פראָלע-טאַריאַט, ספּעציעל אין דער אינטעליגענץ, געפֿינען זיך ערעמענטען, וועלכע, טיילוויוז אין דעם ברען פֿון קאַמפּף, טיילווייז דורך די לאָגיק פֿון זייער דיינקען, ווערען געטריבען זיך ערנסט צו בעציהען צו די פונקטען וועגען פֿרייהייט און גלייכהייט אין זייער פּאָליטישער פראָגראַ-מע. אָבער, ווענדענדיג זיך צו זייערע קלאַסען-געגנאָסען, שטויסען זיי זיך אָן אויף פֿאַרשטאָפּטע אויערען, ווייל טיילווייז דער פֿאַרשטאַנד, טיילווייז דער אינסטינקט באַווייזען זיי דייטליך די גרענעצען, וועלכע זיי קענען ניט אַריבערגעהן אין זייער אַרויסטרעטען פֿאַר פֿרייהייט און גע-רעכטיגקייט, ניט באַריהרענדיג די יסודות, אויף וועלכע עס גרינדעט זיך די עקסיסטענץ פֿון זייער אייגענעם קלאַס. אויב דיזע איינגעשפּאַר-טע „פרינציפ-חסידים״ באַגרענעצען זיך אין זייער פראָפּאַגאַנדע נאָר מיט די פֿאַרמעגענדע קלאַסען, דאַן איז אומזיסט זייער גאַנצע מיה; נאָר צושטעהענדיג צו דעם אונטערשטען פֿון די קלאַסען קענען זיי ענטוויק-לען אַ לעבעדיגע טעטיגקייט. אויף אַזאַ אופן איז אַ גאַנצע רייהע פֿון בורזשואַזנע עלעמענטען געקומען צו דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, גע-הענדיג מיט הינטער-וועגענס דורך׳ן ליבעראַליזם און דורך דער בור-זשואַזנער דעמאָקראַטיע, ד. ה. דורך דעם קאַמפּף געגען דער פֿירשט-ליכער און פֿעאָדאַלער אַריסטאָקראַטישער עקספּלואַטאַציע.

נאָר דאָס איז ניט דער איינציגער וועג, דורך וועלכען מען קומט פֿון דער בורזשואַזיע צום סאָציאַליזם.

אין דער טבע פֿון יעדען מענשען ליגט, ווי אַנדערע מדות פֿון כאַ-ראַקטער, אויך געוויסע סאָציאַלע נייגונגען — רחמנות, די גרייטקייט צו העלפֿען דעם אַנדערען, מקריב זיין זיך פֿאַר׳ן כלל. הונדערטער און טויזענדער יאָהרען לעבען מענשען אין געזעלשאַפֿטליכע גרופּען, און זיי האָבען געקענט זיך אַזוי אויפֿהאַלטען נאָר אַ דאַנק דער קראַפֿט פֿון זייער געזעלשאַפֿטליכער צוגעבונדענקייט איינע צו די אַנדערע, אַ דאַנק זייערע סאָציאַלע אינסטינקטען. אויף אַזאַ אופן זיינען דיזע אינ-סטינקטען אויסגעוואַקסען אין אַ מורא׳דיגע קראַפֿט, וועלכע הערשט איבער די מענשען, פונקט אַזוי, ווי די שטרעבונג איבערצוואוואַנדערען

פֿון איין לאַנד אין דעם צווייטען הערשט איבער די וואַנדער-פֿייגלען. דעם מאָראַל-פֿילאָזאָף ווייזען זיך אויס דיזע אינסטינקטען ווי אַזעלכע מדות, וואָס מען קען גאָר ניט ערקלערען; ער זעהט אין די סאָציאַלע אינסטינקטען, וועלכע בילדען די יסודות פֿון זיטליכקייט, עפּעס אַ זאַך, וואָס איז איבערנאַטירליך, געטליך, אַ פּראָדוקט גאָר פֿון אַ'ן אַנדער וועלט. אָבער דאָס איז מעהר ניט ווי פּראָדוקטען פֿון דער געזעלשאַפֿט. עס ווענדט זיך אויך אָן די געזעלשאַפֿטליכע פֿערהעלטניסען, מיט וואָס פֿאַר אַ קראַפֿט זיי ענטוויקלען זיך אין איינצעלנע קלאַסען און אויף וועלכען אופֿן זיי ווירקען אינעווייניג אין יעדען קלאַס. עס איז גרינג צו פֿאַרשטעהען, אַז אין היינטיגער צייט ווייזען זיי זיך אַרויס אויף'ן שטאַרקסטען אופֿן אין פּראָלעטאַריאַט, ביי וועלכען דער פֿעסטער צוזאַמענבונד פֿון זיינע מיטגלידער איז דער שטאַרקסטער געוועהר אין זיין קלאַסען-קאַמפּף; זיי קענען זיך געוואוינליך נאָר שוואַך ענטוויקלען ביי אַ מיטגליד פֿון אַ פֿאַרמעגענדען קלאַס, ווייל זיין געזעלשאַפֿטליכע מאַכט ווענדט זיך קודם כל אָן די גרויס פֿון זיין פֿאַרמעגען. אָבער זיין פֿאַרמעגען פֿאַרגרעסערט ער ניט נאָר דורך די עקספּלואַטאַציע פֿון די מיטגלידער פֿון אַנדערע קלאַסען, נאָר אויך דורך דעם, וואָס ער שטופּט אַרויס אַנדערע מיטגלידער פֿון זיין אייגענעם קלאַס פֿון זייער פֿאַרמעגען. דער פּריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען און דער קאָנקורענץ-קאַמפּף פֿאַר די הערשאַפֿט איבער דיזע פּראָדוקציאָנס-מיטלען — דאָס זיינען מעכטיגע אורזאַכען, וועלכע ווירקען אויף די אָבשוואַכונג פֿון די סאָציאַלע אינסטינקטען; פֿאַרקעהרט, ביי דעם קלאַס פֿון די ניט-פֿאַרמעגענדע ווערען דיזע סאָציאַלע אינסטינקטען נאָך מעהר פֿאַרשטאַרקט דורך דעם, וואָס איהם פֿעהלט דיזער פּריוואַט-אייגענטום. גראָד צוליב דער קראַפֿט פֿון זיין קלאַסענקאַמפּף איז דער אינסטינקט פֿון אחדות ביי איהם מעהר ענטוויקעלט, און באַזונדער-אינטערעסען פֿאַרנעהמען אין פּראָלעטאַריאַט און דעריבער אויך אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אַ סך אַ קלענערען אָרט, איידער אין די בורזשואַזנע פּאַרטייען.

נאָר דאָס אַלץ האָט אַ באַדייטונג בנוגע צו קלאַסען, אָבער ניט צו איינצעלנע פּערזאָנען. אויך אין דעם פּראָלעטאַריאַט טרעפֿען זיך פּערזאָנען, ביי וועלכע עס זיינען שוואַך ענטוויקעלט די סאָציאַלע אינסטינקטען, און, פֿאַרקעהרט, אין די פֿאַרמעגענדע קלאַסען קען מען באַגעגענען איינצעלנע פּערזאָנען, ביי וועלכע די סאָציאַלע אינסטינקטען זיינען שטאַרק ענטוויקעלט. נאָר דער אונטערשייד באַשטעהט אין דעם, וואָס צווישען די פּראָלעטאַריער איז ד ע ר מענש וויייניגער געאַכטעט, ביי וועלכען עס זיינען שוואַכער ענטוויקעלט די סאָציאַלע אינסטינקטען אי וועלכער שטעלט זיין אייגענע וויגאָדע העכער, איידער די אַלגע-

מיינע וויגאָרדע פֿון זיינע חברים. אין די פֿאַרמעגענדע קלאַסען קוקט מען, פֿאַרקעהרט, אויף דעם וויניגער, און דער מענש, וועלכער איז מקריב זיין אייגענעם אינטערעס צוליב די אינטערעסען פֿון אַנדערע, און איבערהויפּט פֿון נאָך שוואַכערע, ווערט באַטראַכט אפילו ווי אַ משוגענער. ווער עס האָט אין זיך אַ שטאַרקען סאָציאַלען געפֿיהל און איז דערביי נאָך אַ קאַמפּף-נאַטור, ווער עס באַנוגענט זיך ניט צו זיין אַ איינפֿאַכער בעל-צדקה, נאָר ער וויל קעמפּפֿען געגען די קוואַלען פֿון נויט און עלענד, פֿון ערנידערונג און באַליידיגונג פֿון זיינע חברים-מענשען, פֿאַר יענעם איז קיין אָרט ניטאָ אין די רייהען פֿון די פּאַרטייען פֿון די עקספּלואַטאַטאָרען. אויב ער וויל אַרבייטען פּאָליטיש, בלייבט איהם מעהר ניט ווי צוזושטעהן צו דער פּאַרטיי פֿון פּראָלעטאַרישען קלאַסענקאַמפּף, צו דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע.

אויב דער פּראָלעטאַריאַט איז צוליב זיין קלאַסען-לאַגע געצוואונגען אויף אַזאַ אופֿן צו פֿאַרברייטערען זיין קאַמפּף געגען זיין אייגענער עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג — אין אַ קאַמפּף געגען אַלע מינים פֿון עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג; אויב ער איז געצוואונגען דעם קאַמפּף פֿאַר זיינע קלאַסען-אינטערעסען צו מאַכען פֿאַר אַ קאַמפּף פֿאַר פֿרייהייט און גערעכטיגקייט פֿאַר אַלעמען, — זיינען פֿון דער אַנדערער זייט אַלע קעמפּפֿער פֿאַר די אַלגעמיינע פֿרייהייט און גערעכטיגקייט, פֿון וועלכע קלאַסען זיי זאָלען ניט זיין, — זיינען זיי דורך דעם באַזונדערען כאַראַקטער פֿון די פֿאַרשיידענע קלאַסען געצוואונגען צוזושטעהן צום פּראָלעטאַריאַט און איהם מיטצוהעלפֿען אין זיין קלאַסען-קאַמפּף.

## III. קלאַס און געזעלשאַפֿט.

### א) די פֿעאָדאַלע אידעאַלע געזעלשאַפֿט.

דאָס גאַנצע איז מעהר איידער דער טייל. אַזוי שטעהט אויך דער כלל-אינטערעס; דער געזעלשאַפֿטליכער אינטערעס העכער איידער דער קלאַסען-אינטערעס. אָבער מען דאַרף זיך ניט פֿאָרשטעלען, אַז דער געזעלשאַפֿטליכער אינטערעס שיידעט זיך אונטער פֿון קלאַסען-אינטערעס אין דעם זינען, וואָס דער לעצטער שטעלט פֿאָר אַזעלכע אינטערעסען, וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש נאָר פֿאַר יעדען קלאַס באַזונדער, דער ערשטער, פֿאַרקעהרט, שטעלט פֿאָר אַזעלכע אינטערעסען, וועלכע זיינען געמיינזאַם אַלע קלאַסען בכלל, און דעריבער קענען אַלע קלאַסען פֿון איין באַשטימטער געזעלשאַפֿט האָבען איין אַלגעמיינעם געזעלשאַפֿטליכען אינטערעס, אַזוי, אַז מען קען ריידען ניט נאָר וועגען דעם

געגענזאַץ צווישען די קלאַסען, נאָר אויך וועגען די אחדות צווישען זיי.

עס קען ניט זיין קיין גרעסערער טעות ווי דאָס. די אַלגעמיינע געזעלשאַפּטליכע אינטערעסען זיינען צו נאָהענט פאַרבונדען מיט די באַזונדערע קלאַסען-אינטערעסען, אַז זיי זאָלען קענען זיין איינע און די זעלבע פּאַר יעדען קלאַס. גיכער געפּינען מיר, אַז די בעציהונג פּון איינצעלנע קלאַסען בנוגע צו דיזע אַלגעמיינע געזעלשאַפּטליכע אינטערעסען זיינען פונקט אַזוי פּאַרשיידען און געגענזעצליך, ווי די אינטערעסען פּון דיזע קלאַסען אַליין. דאָס טרעט אַרויס אויף דעם שאַרפּסטען אופן אין דעם געזעלשאַפּטליכען אידעאַל, וועלכען די וויים-זעהענדע דיינקער פּון יעדער קלאַס שטעלען אַרויס און וועלכער איז ניט קיין פראָסטער שפּיל פּון געדאַנקען, נאָר ער האָט אַ פּראַקטישע באַדייטינג, דערמיט וואָס ער גיט די מעגליכקייט אַרומצונעהמען אַלע פּאַרשיידענע געזעלשאַפּט־ליכע שטרעבונגען פּון דיזען קלאַס אין איין איינהייטליכע בעוועגונג, וועלכע געהט אין איין באַשטימטער ריכטונג. יעדער קלאַס האָט זיין באַזונדערען טיפּ פּון אַ געזעלשאַפּטליכען אידעאַל, וועלכער ווייזט זיך אַלע מאָל אַלע אָפּען אַרויס, ניט קוקענדיג אויף אַלע אָרטליכע און צייטליבע אָבנייגונגען אָן אַ זייט; און אַזוי ווי אַלע פּאַר-שיידענע קלאַסען פּון דער היינטיגער געזעלשאַפּט קען מען בעצם איינ-טיילען נאָר אין דריי הויפּט-קלאַסען, פּון וועלכע די אַנדערע קלאַסען זיינען נאָר צווישען-גלידער און ביי-קלאַסען, אַזוי קען מען אויך אַלע געזעלשאַפּטליכע אידעאַלען פּון היינטיגער צייט איינטיילען נאָר אין דריי גרויסע טיפּען פּון אידעאַלען: דעם פּעאָדאַלען אָדער רעאַקציאָנע-רען, דעם ליבעראַלען אָדער פּאַקטיש קאָנסערוואַטיווען און דעם סאָ-ציאַליסטישען אָדער פּאַקטיש פּראָגרעסיווען. דיזע אידעאַלען זיינען אַזוי פּיינדליך איינער צו דעם אַנדערען און קענען זיך אַזוי בשום אופן ניט פּאַרטראָגען, פּונקט ווי די היינטיגע פּראַקטישע אינטערעסען פּון די דריי גרויסע קלאַסען.

דער ערשטער אידעאַל איז צוגעפּאַסט צו די אינטערעסען פּון ערד-אייגענטום, און איבערהויפּט פּון דעם גרויסען ערד-אייגענטום; דער קליינער ערד-בעזיצער באַקומט דאָך זיין הכנסה מעהר פּון זיין אַרבייט איידער פּון זיין אייגענטום, און דעריבער בילדעט ער אַ צווישען-גליד, וועלכער דרוקט ניט אויס דעם טיפּ אין ריינעם געשטאַלט.

דער ערד-אייגענטום האָט פּאַרשטאַנען זעהר גוט זיך איינצואָרדנען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפּט. ער האָט באַקומען אין איהר אַ פּריווילעגירטע לאַגע. ער באַקומט זיינע הכנסות, גאָר ניט טועגדיג פּאַר דער געזעלשאַפּט און ניט אָנווענדענדיג פּון זיין זייט קיין שום מיה — דאָס הייסט ער באַקומט זיין הכנסה מעהר ניט ווי פּון דעם

פשוט'ען ערד-אייגענטום און ניט פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטליכער פּראָדוקציאָן; זיין הכנסה איז די ערד-רענטע ווי זי טרעט אַרויס אין איהר ריינסטען געשטאַלט אין דער סיסטעמע פֿון אַרענדעס, וואו דער ערד-בעזיצער און דער לאַנד-ווירט, וועלכער נעהמט ביי איהם די ערד אויף אַרענדע, זיינען צוויי באַזונדערע פּערזאָנען. און די ערד-רענטע ה[illegible] בכלל אין דעם משך פֿון לעצטען יאָהרהונדערט שטענדיג געשטייגט,— ווען מען זאָל ניט נעהמען אין בעטראַכט אייניגע קורץ-דויערענדע און אָרטיגע שטערונגען. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם, פֿיהלט זיך דאָך דער ערד-אייגענטום אין היינטיגער געזעלשאַפֿט ניט גוט. כאָטש אַבסאָלוט* האָט זיך זיין לאַגע פֿאַרבעסערט, אָבער רעלאַטיוו* איז זי דאָך אַ סך ערגער געוואָרען; אָבער די לאַגע פֿון אַ קלאַס אין דער געזעלשאַפֿט הייננט אָב ניט פֿון איהר אַבסאָלוטען, נאָר פֿון איהר רעלאַטיווען פֿאָרטשריט, ד. ה. פֿון איהר פֿאָרטשריט אין פֿאַרגלייך מיט די פֿאָרטשריטען פֿון אַנדערע קלאַסען. און דאָ פֿיהלט דער ערד-אייגענטום זעהר ביטער, אַז דער קאַפּיטאַל יאָגט איהם אַלץ מעהר און מעהר אַריבער—איהם, וועלכער איז אין דער צייט פֿון מיטעלאַלטער געוועזען אַלמאַכטיג. אמת, די ערד-רענטע שטייגט, בעת דער ריוח פֿון קאַפּיטאַל ווערט נידעריגער, אָבער דיזע ערשיינונג נאַרט אָב. די ערד-רענטע שטייגט נאָר אין בעציהונג צו איין באַשטימטען שטיק לאַנד, למשל, אין בעציהונג צו אַ העקטאַר ערד, אָבער דער גאַנצער שטח ערד, וואָס ווערט בעאַרבייט אין די אַלטע קולטור-לענדער, פֿאַרגרעסערט זיך ניט פֿיל. דער ריוח פֿון קאַפּיטאַל ווערט נידעריגער אין בעציהונג צו אַ געוויסען סכום פֿון קאַפּיטאַל, אָבער די גאַנצע מאַסע פֿון קאַפּיטאַל ווערט אַלץ אונגעהייערער פֿארמעהרט, אָט דעריבער וואַקסט די מאַסע פֿון ריוח אויף'ן קאַפּיטאַל, וועלכע פֿאַלט אַריין אין די הענד פֿון דעם קאַפּיטאַליסטענקלאַס, אַ סך גיכער איידער די מאַסע פֿון דער ערד-רענטע, וועלכע קומט אָן די ערד-בעזיצער.

אַ ביישפּיל וועט דאָס מאַכען קלאָר. לאָמיר אָננעהמען, אַז אין אַ געוויסען לאַנד איז די ערד-רענטע אין דעם משך פֿון 19-טען יאָהרהונדערט פֿאַרדאָפּעלט געוואָרען און די גרויס פֿון דעם ערד-שטח איז געבליבען די זעלבע ווי פֿריהער. דאַן האָט זיך דער סך-הכל פֿון דער הכנסה פֿון די ערד-בעזיצער פֿאַר זייער ערד-אייגענטום אויך פֿאַרדאָפּעלט. לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַז די אַלגעמיינע הכנסה האָט גע-

---

* אַבסאָלוט הייסט נעהמען אַ זאַך ווי זי איז פֿאַר זיך אַליין; רעלאַטיוו הייסט נעהמען די זאַך אין פֿאַרגלייך מיט אַנדערע זאַכען.

דער איבערזעצער.

שטייגט פֿון 500 אויף 1,000 מיליאָן. אין דער זעלבער צייט איז די ראַטע פֿון ריוח* געפֿאַלען ביז אַ העלפֿט, למשל, פֿון 20 פּראָצענט אויף 10, אָבער די גאַנצע מאַסע פֿון קאַפּיטאַל האָט זיך פֿאַרגרעסערט אין 20 מאָל, אַלזאָ דער סך-הכל פֿון דער הכנסה פֿון דעם קאַפּיטאַ-ליסטענקלאַס איז אין 10 מאָל געוואָרען גרעסער, למשל פֿון 200 ביז 2,000 מיליאָן. דער רייכטום און די עקאָנאָמישע מאַכט פֿון די קאַפּי-טאַליסטען, אין פֿאַרגלייך צו די ערד-בעזיצער, איז צום סוף פֿון דעם יאָהרהונדערט געוואָרען גרעסער אין פֿינף מאָל, אָדער דער רייכטום און די עקאָנאָמישע מאַכט פֿון די ערד-בעזיצער אין פֿאַרגלייך מיט דעם קאַפּיטאַל איז אין פֿינף מאָל געוואָרען קלענער, אײדער אין אָנהייב פֿון יאָהרהונדערט.

די ציפֿערען, וועלכע זיינען דאָ ערשט געבראַכט, זיינען גענומען סתם, נאָר צוליב אַ ביישפּיל, אָבער פֿאַקטיש געהט טאַקי די עקאָנאָ-מישע ענטוויקלונג אין דיזער ריכטונג.

און ניט נאָר עקאָנאָמיש ווערט דער ערד-אייגענטום אַלץ מעהר אָבגעשטופּט אָן אַ זייט דורך דער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג, נאָר אויך פּאָליטיש. אין דער פֿעאָדאַל-צייט** איז די הערשענדע פֿאָרמע פֿון פּראָדוקציאָן געווען די לאַנדווירטשאַפֿט, וועלכע עס האָט זעלב-שטענדיג געפֿיהרט דער קליינער בויער. דאָס איז אָבער אַזאַ מין טע-טיגקייט, וועלכע שלינגט אַזוי איין דעם פּראָדוצירער און שניידט איהם אַזוי אָב פֿון דער גאַנצער וועלט, וועלכע געפֿינט זיך ווייטער פֿון זיין דאָרף, אַז ער פֿאַרלירט די מעגליכקייט צו קימערען זיך שטענדיג וועגען פּאָליטישע און אַנדערע וויכטיגערע געזעלשאַפֿטליכע אינטערעסען און נעהמען אַ טעטיגען אָנטייל אין די קאַמפּפֿען, וואָס קומען אַרויס צוליב דיזע פֿראַגען. די דאגות וועגען אַזעלכע אינטערעסען לאָזט ער איבער פֿאַר אַנדערע: פֿאַר די ריטער***, גלחים, געדונגענע סאָלדאַטען, ביוראָ-קראַטען און זייערע הערדען—די פֿירשטען, וועלכע האָבען זיך באַנוצט מיט דער מאַכט, וואָס זיי האָבען דורך דעם געקריגען, כדי נאָך מעהר צו

---

* די ראַטע פֿון ריוח הייסט דער ריוח אין פֿאַרגלייך מיט'ן גאַנ-צען קאַפּיטאַל, וואָס דער קאַפּיטאַליסט לייגט אַריין אין זיין געשעפֿט.
דער איבערזעצער.

** ד. ה. אין דער צייט פֿון מיטעלאַלטער. דער איבערז.

*** ריטער—שטאַמט פֿון וואָרט רייטער. די ריטער האָבען גע-שפּילט פֿאַרצייטען אין רוים און דערנאָך אין מיטעלאַלטער אַ גרויסע ראָלע, ווי ביי אונז די אַמאָליגע פּריצים; זיי זיינען געווען אַ באַזונדע-רער שטאַנד. דער איבערזעצער.

באַדריקען די בויערן און אויסצוזויגען זייער בלוט, איידער זיי צו באַשי־צען. וואו דער עקאָנאָמישער פונדאַמענט פון דער מלוכה איז די קליי־נע בויערליכע ווירטשאַפט, דאָרטען פיהרט דאָס מיט אַ נאַטירליכער נויטיגקייט צו דער הערשאַפט פון אַ פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע, אָדער צו אַ דעספאָטיזם נאָך דעם מוסטער פון די מזרח-אַזיאַטישע מלוכות. נאָר ביי אַ באַזונדערס גינסטיגע לאַגע פון דער לאַנד, אַזוי ווי דאָס איז געווען אין דער אַלטער ש ו ו י י ץ אָדער אין האָלענדישען פ ר י ד־ל אַ נ ד, האָבען די בויערן געקענט זיך באַפרייען פון דיזען יאָך. דאָס, וואָס אין דיזע געגענדען האָט זיך געקענט איינהאַלטען די דעמאָקראַ־טישע פרייהייט, האָבען זיי אפשר פיל מעהר צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס דאָרטען האָט זיך די באַפעלקערונג מעהר באַשעפטיגט מיט פאַס־טוכערייַ איידער מיט ערד-אַרבייט, איידער דעם, וואָס אין דיזע געגענדען געפינען זיך נאַטירליכע מיטלען זיך צו פאַרטיידיגען. פעלקער, וואָס באַשעפטיגען זיך מיט פאַסטוכערייַ, זיינען אַלע מאָל ליב־האָבער פון פרייהייט און קענען זיך פאַרטיידיגען. פאַרקעהרט, וואו עס הערשט די ערד-אַרבייט, דאָרטען שפּראָצט דערפון אַרויס די קנעכט־שאַפט פון די, וואָס פיהרען אַליין זייער לאַנד-ווירטשאַפט.

דיזער גן-עדן התחתון פון דער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע ענדיגט זיך גלייך ווי עס הייבט זיך אָן צו ענטוויקלען אַ שטאַרקע ש ט אָ ד־ט י ש ע א י נ ד ו ס ט ר י ע. דערפון וואַקסען אויס קלאַסען, וועלכע טרעטען אַרויס אַלץ פיינדליכער געגען דער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע און וועלכע פאַרניכטען סוף-כל-סוף איהר אויבער-הערשאַפט ניט נאָר אין די שטעדט, נאָר אויך אין די דערפער. דאָס זיינען געווען די פראָלעטאַריער און די קליינע בורזשואַ פון די שטעדט, וועלכע האָבען אויך די בויערן געבראַכט די באַפרייאונג פון דעם פריצישען יאָך. די צושטערער פון דער ב אַ ס ט י ל י ע האָבען צושטערט די יסודות פון דער בויער־ליכער שקלאַפערייַ ניט נאָר אין פ ר אַ נ ק ר י י ך, נאָר אויך פון האַלב א ו י ר אָ פ אַ; די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע אַרמייען האָבען פיל מעהר געמאַכט, למשל, פאַר די באַפרייאונג פון די בויערן אין דער ש ו ו י י ץ איידער די אַזוי פיל געריהמטע אַלטע קאַנטאָנען, די געבורטס־שטעדט פון ט ע ל ל און ו ו י נ ק ע ל ר י ד *, וועלכע האָבען אפילו גע־קענט דערשלאָגען זיך פרייהייט, אָבער נאָר צו דערצו, כדי אַרויפצו־לייגען אויף זייערע שכנים נאָך אַ שווערערען יאָך. וואָס מעהר עס

---

* ט ע ל ל און ו ו י נ ק ע ל ר י ד זיינען געווען צוויי העלדען פון דעם שווייצערישען פאָלק אין דער צייט פון זיין קאַמפף פאַר זיין פרייהייט און אונאָבהענגיגקייט. דער א י ב ע ר ז ע צ ע ר.

וואַקסט די אינדוסטריע פֿון די שטעדט, אַלץ גרעסער ווערט די געפֿאַהר פֿאַר דער פּאָליטישער מאַכט פֿון דעם גרויסען ערד-אייגענטום. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס דיזער קלאַס פֿיהלט זיך ניט גוט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער עס וואַקסט אפילו יע די ערד-רענטע, אָבער ווערכע מאַכט אַלץ ווייניגער באַדייטענד זיין רעלאַטיווע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע. אמת, ביי געוויסע בעדינגונגען קען וואַקסען די פּאָליטישע מאַכט פֿון די ערד-בעזיצער אפילו אויך אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט; די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע מאַכט מוזען ניט שטענדיג געהן פונקט האַנד אין האַנד אין זייער ענטוויקלונג. אָבער אַ לאַנגע צייט נאָכאַנאַנד קענען זיי פֿאָרט ניט געהן אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען, און סוף-כל-סוף ווייזט זיך דער עקאָנאָמישער פֿונדאַמענט פֿאָרט אַרויס אַלס די באַשטימענדע קראַפֿט. אומעטום, וואו די פּאָליטישע מאַכט פֿון אַ וועלכען עס איז קלאַס קומט אַריין אין אַ ווידערשפרוך מיט זיין עקאָנאָמישער מאַכט, דאָרטען מוז זי סוף-כל-סוף צובראָכען ווערען, און וואָס גרעסער עס איז דיזער ווידערשפרוך, וואָס לייגגער ער דויערט, אַלץ מיט אַ שטאַרקערע קאַטאַסטראָפֿע מוז פֿאָרקומען די צוברעכונג פֿון דיזער מאַכט.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די ערד-בעזיצער, כאָטש זיי געפֿינען זיך אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע, דאָך פֿאַנטאַזירען זיי וועגען נאָך אַ ברייטערען עקאָנאָמישען יסוד פֿאַר זיך איידער דער, וועלכען עס קען זיי געבען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט; זיי פֿאַנטאַזירען וועגען אַזאַ יסוד, וועלכען זיי האָבען געהאַט אין דער פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿט. דיזע געזעלשאַפֿט איז זייער אידעאַל, ווידער איהר אויפֿצולעבען—דאָס איז זייער העכסטער וואונש. נאַטירליך דאַרף דאָס זיין אַ אידעאַלע פֿעאָדאַלע געזעלשאַפֿט, אָהן איהרע פֿינסטערע שאָטענס, נאָר מיט אַלע איהרע ליכטיגע זייטען, אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע זאָל אין זיך פֿאַראייניגען די גאַנצע פּראַכט פֿון דער ריטער-צייט צוזאַמען מיט אַלע תענוגים פֿון דער היינטיגער צייט. אַזאַ געזעלשאַפֿט איז ניט מעגליך; די ליכטיגע זייטען מיט די שאָטענט פֿון יעדער געזעלשאַפֿט זיינען זעהר ענג פֿאַרקניפּעלט איינע מיט די אַנדערע און מען קען זיי ניט פֿאַרנאַנדערטיילען נאָך דעם אייגענעם ווילען. ווער עס וויל די תענוגים פֿון היינטיגער צייט, דער מוז אויך נעהמען די טעכנישע און סאָציאַלע איינריכטונגען, מיט וועלכע זיי זיינען ענג פֿאַרבונדען; ווער עס וויל דעם מיטעלאַלטער, דער מוז זיך אויך אומקעהרען צו דער באַרבאַריי פֿון יענער צייט.

אָבער כאָטש דער פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿטליכער אידעאַל איז געוואָרען אונמעגליך, דאָך בילדעט ער אין דעם היינטיגען געזעלשאַפֿטליכען לעבען זעהר אַ רעאַלע קראַפֿט. דאָס איז דערפֿאַר, ווייל דיזער

אידעאַל גיט אַ באַשטימטע ריכטונג אַלע פּראַקטישע געזעלשאַפטלכע שטרעבונגען פֿון די פּאַרטייען, וועלכע דינען דעם ערד-אייגענטום. יע-דער געזעלשאַפטליכער פּראָגרעס וואַרפט אויף זיי אַ פּחד, יעדער רע-אַקציאָנערער טריט, ווען אפילו ער זאָל דירעקט ניט האָבען קיין שום שייכות צו זייערע קלאַסען-אינטערעסען, ווערט פֿון זיי געשטיצט סיי אין דער וויסענשאַפט, סיי אין דער קונסט, סיי אין דער קירכע, סיי אין דער אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע (למשל בנוגע צו די צעכען א. ז. וו.), אויף ווי פֿיל זייער ערד-רענטע איז דירעקט ניט צוזאַמענגעבונדען מיט אַ וועלכען עס איז עקאָנאָמישען פּראָגרעס. דאַמאָלסט, פֿאַרשטעהט זיך, ווייזט זיך אַרויס דער קלאַסען-אינטערעס און אָפט אויך דער פּער-זענליכער אינטערעס אַ סך שטאַרקער, איידער דער אידעאַל.

בכלל קען מען זאָגען, אַז די געזעלשאַפטליכע אינטערעסען פֿון דעם גרויסען ערד-אייגענטום זיינען גאָר עפּעס אַ'ן אַנדער זאַך, איידער די אינטערעסען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפט. עס איז זיי גאָר אונ-מעגליך צו פֿאַראייניגען, זיי שטעהען אין דעם שטאַרקסטען היפּוך איי-נע געגען די אַנדערע. די געזעלשאַפטליכע אינטערעסען פֿון דעם גרוי-סען ערד-אייגענטום זיינען געוואָרען דער שעדליכסטער עלעמענט פֿאַר דער געזעלשאַפט.

## ב) די ליבעראַלע אידעאַלע געזעלשאַפט.

ניט בעסער באַשטעהט די זאַך מיט די געזעלשאַפטליכע אינטע-רעסען פֿון דעם קאַפּיטאַליסטען-קלאַס. דיזער קלאַס איז אויף דעם העכסטען אופן פֿאַראינטערעסירט איינצוהאַלטען דעם היינטיגען געזעל-שאַפטס-אָרדנונג, וועלכער איז קודם כל נוציג פֿאַר איהם אַליין. די בעלי-הבתים פֿון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען זיינען די הערשער איבער דער פּראָדוקציאָן און דערמיט אויך איבער דער גאַנצער געזעלשאַפט. אָבער די טעכנישע ענטוויקלונג באַשאַפט אין היינטיגער צייט אַלץ גרעסערע מאַסען פֿון אַלץ טייערערע פּראָדוקציאָנס-מיטלען (מאַשינען, געביידען, רויהע מאַטעריאַלען, טראַנספּאָרט-מיטלען) אין פֿאַרגלייך מיט דער צאָהל פֿון די פֿאַרנומענע אַרבייטער און פֿון די שכירות, וואָס זיי באַקומען. שוין דאָס אַליין מוז ביי דער הערשאַפט פֿון פּריוואַט-איי-גענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען אַלץ מעהר מאַכען דיזע פּראָ-דוקציאָנס-מיטלען פֿאַר אַ פּריווילעגיע פֿון דעם קאַפּיטאַליסטענקלאַס און פֿאַרגרעסערען זיין קראַפט און זיין פֿעהיגקייט צו עקספּלואַטירען. אָבער אין דער זעלבער ריכטונג ווי די טעכנישע ענטוויקלונג ווירקט אויך די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, וועלכע פֿיהרט דערצו, אַז די פּראָ-

דוקציאָנס-מיטלען קלייבען זיך צונויף, קאָנצענטרירען זיך אין אַלץ אַ קלענערע צאָהל פֿון הענד. באַזונדערס העלפֿען צו דער גיכקייט פֿון דיזער ענטוויקלונג די קאַרטעלען און טראַסטען*.

אמת, אויף דערויף ענטפֿערט מען אפילו, אַז דיזע ענטוויקלונג באַגעגענט זיך מיט אַ'ן אַנדערע ענטוויקלונג, נאָך אַ שטאַרקערע, וועל-כע פֿיהרט צו דער דעצענטראַליזאַציע** פֿון די פֿאַרמעגענס. אַ דאַנק דער סיסטעמע פֿון אַקציען-געזעלשאַפֿטען, ווערט אַלץ גרעסער, און ניט קלענער, די צאָהל פֿון די פֿאַרמעגענדע, פֿון די, וואָס האָבען אַ חלק אין די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, סטאַטיסטישע ראיות צו באַווייזען דיזע מיי-נונג האָט מען אונז ניט געבראַכט, די פֿאַקטען באַווייזען פּונקט פֿאַר-קעהרט; נאָר ווען אפילו מיר וואָלטען אָנגעהמען, אַז דיזע מיינונג איז ריכטיג, וואָלט דאָס פֿאָרט גאָרנישט באַוויזען געגען דער קאָנצענטראַציע פֿון קאַפּיטאַל. דיזע קאָנצענטראַציע איז אַ ערשיינונג פֿון פּראָצעס פֿון דער פּראָדוקציאָן, וועלכע איז אונאָבהענגיג פֿון דעם פֿאַקט, וואָס איז שייך צו דעם פּראָצעס פֿון דער פֿאַרנאַנדערטיילונג, פֿון דעם פֿאַקט, אַז די צאָהל מענשען, וועלכע האָבען אַ חלק אין פּראָדוקט, וואַקסט אַלץ מעהר, אָבער דאָס, וואָס עס שפּילט די באַשטימענדע ראָלע אין דער געזעלשאַפֿט, איז דער פּראָצעס פֿון דער פּראָדוקציאָן און ניט דער פּראָצעס פֿון דער פֿאַרנאַנדערטיילונג.

---

* קאַרטעלען און טראַסטען, אָדער ווי מען רופֿט דאָס אויך סינדיקאַטען, הייסען אונטערנעהמער-חברות, וואָס ווערען געביל-דעט מיט דעם צוועק צו פֿאַרמיידען די קאָנקורענץ צווישען די אונטער-נעהמונגען פֿון איין באַשטימטען צווייג פֿון דער אינדוסטריע אָדער האַנ-דעל. אַנדערע קאַרטעלען און טראַסטען נעהמען אָן די פֿאָרמע פֿון איין גרויסע אונטערנעהמונג מיט איין אַלגעמיינער פֿיהרונג פֿאַר דעם גאַנצען צווייג פֿון דיזער אינדוסטריע אין גאַנצען לאַנד אָדער אין עטליכע לענדער. דער איבערזעצער.

** דעצענטראַליזאַציע איז דער היפוך פֿון צענטראַ-ליזאַציע. צענטראַליזאַציע הייסט — די צוזאַמענציהונג, די צונויפֿ-קלייבונג אין איין פּונקט, אין איין צענטער; אין ווירטשאַפֿטליכען זינען הייסט דאָס די אָנקלייבונג פֿון ערד-אייגענטום און קאַפּיטאַל אין ווייני-גע הענד. דעצענטראַליזאַציע איז דער היפוך דערפֿון, ד. ה. די פֿאַרנאַנדערשפּרייטונג, די פֿאַרנאַנדערטיילונג אין עטליכע אָדער אַ סך פּונקטען, צענטרען; אין ווירטשאַפֿטליכען זינען — די פֿאַרנאַנדערטיילונג פֿון ערד-אייגענטום און קאַפּיטאַל אין פֿיל הענד.

דער איבערזעצער.

אַ ביישפּיל וועט דאָס קלאָר מאַכען. לאָמיר אָננעהמען, אַז אין אַ וועלכען עס איז לאַנד עקסיסטירט אַ געוויסער צווייג פֿון אינדוסטריע, וואָס באַשטעהט פֿון הונדערט פֿאַבריקען, וואו יעדע פֿאַבריק איז ווערט אַ מיליאָן און יעדע האָט זיך איהר באַזונדערען בעל-הבית. דער טראַסט מאַכט, אַז דיזע אַלע באַזונדערע פֿאַרמעגענס ווערען איין פֿאַר־מעגען פֿון איין אַקציען-געזעלשאַפֿט, אָבער אין איין צייט פֿאַראייניגט ער זיי אונטער איין אַלגעמיינע פֿיהרונג. די אַקציעס ווערען צוטיילט צווישען טויזענד בעזיצער. די צאָהל פֿון בעזיצער פֿון די הונדערט פֿאַבריקען איז אַלזאָ אין 10 מאָל געוואָרען גרעסער. אָבער ניט קו־קענדיג אויף דעם, איז איצט פֿאָרט דיזער אינדוסטריע-צווייג מאָנאָפּאָ־ליזירט געוואָרען פֿון איין אינטערנעהמונג, און איהר הערשאַפֿט איבער די אַרבייטער און איבער דעם מאַרק פֿון סחורות, איהר שעדליכקייט און אונערטרעגליכקייט בלייבען אַלץ די זעלבע סיי די גאַנצע הכנסה פֿון דיזער מאָנאָפּאָל ווערט אַראָבגעלאָזען אין איין קעשענע, סיי אין טויזענד קעשענעס.

דער קלאַס, וועמעס רייכטום וואַקסט מעהר ווי ביי אַלע אַנדערע דורך די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג אויף דעם יסוד פֿון דעם היינטיגען געזעלשאַפֿטס-אָרדנונג, — דאָס איז דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס.

פֿאַרשיידענע מליצים (פֿאַרטיידיגער) פֿון דיזען געזעלשאַפֿטס-אָרד־נונג ווילען אָבער דערביי ניט איינשטימען; זיי ווילען אונז איינשמועסען, אַז דער חלק פֿון די קאַפּיטאַליסטען אין נאַציאָנאַלען פּראָדוקט ווערט אַלץ קלענער, וויל דער ריוח אויף'ן קאַפּיטאַל ווערט אַלץ קלענער, בעת די שכירות ווערען אַלץ גרעסער. אָבער אַזעלכע הקירות זיינען געבויט אויף פשוטע הוקעס-פּוקעס-דריידלאַך. מיר האָבען שוין פֿריהער געזעהן, אַז כאָטש די ראַטע פֿון ריוח ווערט נידעריגער, אָבער די מאַסע פֿון ריוח פֿון דעם קאַפּיטאַליסטענקלאַס וואַקסט. און זי וואַקסט אַ סך גיכער, איידער די מאַסע פֿון ערד-רענטע. זי וואַקסט אויך גיכער, איידער די מאַסע פֿון די אַרבייטס-שכירות. אָבער דיזער גי־בער וואוקס ווערט פֿאַרמאַסקירט דורך דעם, וואָס די גרויס פֿון קאַפּי־טאַל, וועלכע קומט אויס אויף איין אַרבייטער, וואַקסט אַ דאַנק דער טעכנישער ענטוויקלונג נאָך גיכער, אַזוי, אַז דער ריוח, כאָטש ער ווערט אויף יעדען אַרבייטער גרעסער, דאָך אָבער ווערט ער קלע־נער אין פֿאַרגלייך צו אַ באַשטימטער גרויס פֿון קאַפּיטאַל.

אַ ביישפּיל וועט דאָס ערקלערען.

מיר האָבען פֿריהער אָנגענומען, אַז די מאַסע פֿון קאַפּיטאַל איז אין אַ געוויסען לאַנד אין דעם משך פֿון דעם לעצטען יאָהרהונדערט

געוואָרען 20 מאָל גרעסער, בעת די ראַטע פֿון ריוח איז אויף אַ העלפֿט קלענער געוואָרען. לאָמיר נאָך אָננעהמען, אַז די צאָהל פֿון די שכירות-ארבייטער איז אין 3 מאָל גרעסער געוואָרען און זייערע שכירות האָבען געשטייגט אויף 50 פּראָצענט. אויף אַזאַ אופן איז די מאַסע פֿון די שכירות געוואַקסען אויף 450 פּראָצענט, בעת די מאַסע פֿון ריוח האָט זיך אין דער זעלבער צייט אויפֿגעהייבען אויף 1,000 פּראָצענט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די ראַטע פֿון ריוח איז אין דער זעלבער צייט געפֿאַלען פֿון 20 ביז 10 פּראָצענט.

דיזע ציפֿערען זיינען נאַטירליך סתם אַזוי גענומען, אָבער זיי דוייטען אָן די ריכטונג פֿון דער ענטוויקלונג. נאָך די סטאַטיסטישע ציפֿערען פֿון ב ו י ל י, וועלכע זיינען ניט אין גאַנצען פֿריי פֿון טעות'ן, אָבער אויף וועלכע מען קען זיך גיכער פֿאַרלאָזען, איידער אויף אַלע איבעריגע, וואָס זיינען געגעבען געוואָרען איבער דיזען ענין און וועלכע מאַלען דעם צושטאַנד פֿון די זאַכען גיכער מיט ראָזאָווע פֿאַרבען איידער מיט שוואַרצע, איז אין ע נ ג ל אַ נ ד דורכשניטליך אויף יעדען אַרבייטער אויסגעקומען:

| | די שכירות. | די מאַסע פֿון מעהרוועדט. (דער ריוח צוזאַמען מיט די ביי-ערשיינונגען) |
|---|---|---|
| | מאַרק | מאַרק |
| 1860 יאָהר | 768 | 736 |
| 1891 יאָהר | 1,074 | 1,202 |
| צואוואַקס | 306 אָדער 40% | 466 אָדער 66% |

די מאַסע פֿון מעהרוועדט האָט אַלזאָ גיכער געשטייגט, איידער די מאַסע פֿון די שכירות. ווען אָבער די מאַסע פֿון קאַפּיטאַל אויף יעדען אַרבייטער וואָלט געוואַקסען אין איין צייט, למשל, פֿון 5,000 אויף 10,000 מאַרק, דאַן וואָלט די ראַטע פֿון ריוח (אין ברייטען זינען) געפֿאַלען פֿון 14 ביז 12 פּראָצענט. מען זעהט, אַז די פֿאַרקלענערונג פֿון דער ראַטע פֿון ריוח באַווייזט נאָך גאָר ניט געגען דער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער עקספּלואַטאַציע.

און דער קאַפּיטאַליסטענקלאַס, ניט קוקענדיג אויף דיזער פֿאַרקלענערונג פֿון דער ראַטע פֿון ריוח אין דער צייט ווען די ערד-רענטע און די שכירות וואַקסען, פֿיהלט ער זיך פֿון דעסטוועגען ניט ווי אַ שטיף-קינד אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. פֿאַרקעהרט, ער פּראָטעסטירט אויף דעם שטאַרקסטען אופן געגען דעם געדאַנק איינצופֿיהרען אויף דעם אָרט פֿון דיזער געזעלשאַפֿט אַ'ן אַנדערע. דער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, אַזוי ווי ער איז איצט, איז פּונקט צוגעפּאַסט צו זיינע

באַדערפֿעגישען, אין פֿון קיין אַנדער אָרדנונג וויל ער גאָר ניט וויסען. דער געזעלשאַפֿטליכער אידעאַל פֿון אונזערע ליבעראַלע פּאָליטיקער און דיינקער בויט זיך דעריבער אין גאַנצען אויף דיזען געזעלשאַפֿטס-אָרדנונג, ער איז ניט מעהר ווי די אידעאַליזירונג פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, ד. ה. די אויסמאָלונג פֿון איהרע ליכטיגע זייטען אָהן די פֿינסטערע שאָטענס.

עס איז ניטאָ קיין מענש, וועלכען עס זאָל מאָן הנאה דער עלענד אין נויט, די אונוויסענהייט און אכזריות, די קריזיסען און קאַטאַסטראָפֿען. די אידעאַלע ליבעראַלע געזעלשאַפֿט איז אַלזאָ די היינטיגע געזעלשאַפֿט, אָהן „די געשווירען", וועלכע זיינען אויף איהר אויסגעוואַקסען און אויף וועלכע מען קוקט ווי אויף קינדער-קראַנקהייטען, וואָס וועלען, ווי מען האָפֿט, פֿאַרשווינדען מיט דעם גאַנג פֿון דער „אָרגאַנישער" ענטוויקלונג. אָבער אונטער „אָרגאַנישע" ענטוויקלונג פֿאַרשטעהען אונזערע בורזשואַזנע סאָציאַל-רעפֿאָרמער די היילונג פֿון די געזעלשאַפֿטליכע קראַנקהייטען מיט באַבסקע סגולות, ביי וועלכע מען באַמיהט זיך מיט אַלע מעגליכקייטען חס וחלילה ניט אָנצורירען די פֿונדאַמענטען, אויף וועלכע די היינטיגע געזעלשאַפֿט איז געבויט. דיזע פֿונדאַמענטען זיינען — דער פריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען און דער ריוח, פֿאַר יעדער באַגרענעצונג פֿון די העררען-רעכטען פֿון קאַפּיטאַליסט אין זיין „היזז", ד. ה. אין וואַרשטאַט, וואו די אַרבייטער אַרבייטען אויף איהם, ווי אויך פֿאַר יעדע באַגרענעצונג פֿון ריוח, טרעט אָב די „אָרגאַנישע" ענטוויקלונג דערשראָקענערהייט צוריק. יעדע איבערטרעטונג איבער דיזע גרענעצען ווערט מיט דער גרעסטער אויפֿרעגונג צוריקגעשטויסען ווי אַ רעוואָלוציע און קאָנפֿיסקאַציע פֿון פאַרמעגען.

די יאָגעניש נאָך ריוח — דאָס איז די שטאַרקסטע באַוועגענדע קראַפֿט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, אָבער אויך דער גרעסטער צוים פֿאַר איהר; דיזער יאָגעניש נאָך ריוח האָט זי צו פֿאַרדאַנקען פֿאַר איהר גרעסטען פֿאָרטשריט אין דער צייט פֿון איהר יוגענד; אָבער די אייגענע יאָגעניש נאָך פּראָפֿיט ווערט אין דער צייט פֿון איהר עלטער די גרעסטע שטערונג פֿאַר'ן ווייטערען פּראָגרעס פֿון דער געזעלשאַפֿט.

דער קאַפּיטאַל שטעלט זיך מיט עקשנות אפילו געגען אַזעלכע פֿאָרטשריטען, וועלכע פֿאַרשפּעפען ניט דירעקט זיין ריוח, ווי צום ביישפּיל, דעם אַכט-שטונדיגען נאָרמאַל-אַרבייטסטאָג, וועלכער וואָלט, ביי דעם היינטיגען צושטאַנד פֿון דער טעכניק, געקענט דורכגעפֿיהרט ווערען אָהן אַ שום שאָדען פֿאַר דער פּראָדוקטיוויטעט פֿון דער נאַציאָנאַלער אַרבייט. אָבער דער קאַפּיטאַל האָט מורא פֿאַר דער פֿרייער צייט,

וועלכע דער אַרבייטער וואָלט דורך דעם באַקומען. ער וואָלט זיך דאָך מיט דיזער פֿרייער צייט געקענט באַנוצען, כדי זיך צו בילדען, כדי אויס-צובויען און פֿאַרשטאַרקען זיינע אָרגאַניזאַציעס, כדי אָבצוגעבען זיך מיט מעהר אויפֿמערקזאַמקייט צו זיין פּאָליטישען און פּראָפֿעסיאָנעלען קאַמפּף, און דאָס וואָלט דאָך געווען געפֿעהרליך.

וואָס מעהר דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופֿן ווערט דער הערשענדער, אַלץ מעהר קאָנסערוואַטיוו ווערט דער קאַפּיטאַליסטענקלאַס, אַלץ מיט מעהר אונצוטרוי שטעלט ער זיך געגען יעדען פֿאָרטשריט, אַלץ מיט אַ קלענערע דאגה פֿאַרבינדט ער זיך מיט די קרעפֿטען, וועל-כע טרעטען אַרויס געגען יעדען פּראָגרעס און וועלכע האָבען זייערע טיפֿסטע עקאָנאָמישע וואָרצלען אין די אינטערעסען פֿון דעם גרויסען ערד-אייגענטום. אָט פֿון דאַנען שטאַמט דער פּאָליטישער אויפֿהייב, די מאַכט פֿון די אַגראַריער, וועלכע שטעהט אין אַזאַ טיפֿען ווידער-שפּרוך מיט זייער עקאָנאָמישער שוואַכקייט, אָט דערפֿון נעהמט זיך די שלאַפֿקייט און די מפּלה פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען אידעאַליזם, פֿון דעם ליבעראַליזם.

די קלאַסען-אינטערעסען פֿון קאַפּיטאַל פֿיהרען צו אַזאַ פֿאָרשטעל-לונג וועגען דער געזעלשאַפֿט, וועלכע קען זיך פּונקט אַזוי ווייניג פֿאַר-טראָגען מיט דעם וויטערען פֿאָרטשריט און בליהונג פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, ווי דער פֿעאָדאַלער אידעאַל.

## ג) דער סאָציאַליסטישער אידעאַל.

אַנדערש איז דער קלאַסען-אינטערעס פֿון פּראָלעטאַריאַט. זיין גע-זעלשאַפֿטליכער אידעאַל קען זיך ניט אויפֿבויען ניט אויף דעם יוריסטישען פֿונדאַמענט פֿון פּריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, ניט אויף דעם עקאָנאָמישען פֿונדאַמענט פֿון דער ווירטשאַפֿט צוליב ריוח. אַלס דער קלאַס פֿון ניט פֿאַרמעגענדע, האָט ער ניט נאָר קיין שום אינטערעס ניט אין דער עקסיסטענץ פֿון פּריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָ-דוקציאָנס-מיטלען, נאָר זיין העכסטער אינטערעס איז צו פֿאַרניכטען די-זען מין אייגענטום. וואָרים, ווי שוין געזאָגט, די בעלי-הבתים פֿון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען הערשען איבער דער פּראָדוקציאָן און דערמיט אויך איבער דער געזעלשאַפֿט. דער פּראָלעטאַריער, וועלכער איז געצוואונ-גען צו אַרבייטען מיט פֿרעמדע פּראָדוקציאָנס-מיטלען, איז דערמיט פֿאַר' משפּט צו זיין אַ קנעכט אין דער פּראָדוקציאָן און אונטעדריקט אין דער געזעלשאַפֿט; און צוליב דער וואַקסענדער קאָנצענטראַציע פֿון די פּראָ-דוקציאָנס-מיטלען אין אַ קליינער צאָהל פֿון אונטערנעהמונגען פֿאַרלירט

ער אַלײן מעהר די האָפֿנונג זיך צו באַפֿרײען פֿון דיזער קנעכטשאַפֿט אין די ראַמען פֿון דעם עקסיסטירענדען רעכטס-אָרדנונג, אויף'ן פֿונדאַמענט פֿון פּריוואַט-אײגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. דעריבער צװינגט דער קלאַסען-אינטערעס דעם פּראָלעטאַריער, אַז ער זאָל מאַכען דעם געזעלשאַפֿטליכען אײגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען פֿאַר זײן אידעאַל.

און אַקוראַט אַזױ פֿײנדליך, װי געגען דעם פּריװאַט-אײגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, מוז ער אויך שטעהען געגען דער װירטשאַפֿט צוליב ריוח, װעלכע שטאַמט נױטיג אַרױס בײ די היינטיגע עקאָנאָמישע בעדינגונגען פֿון דעם פּריװאַט-אײגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. דער ריוח — דאָס איז די באַװעגענדע קראַפֿט פֿון דער היינטיגער פּראָדוקציאָן, װאָס מעהר ריוח צו באַקומען — דאָס איז די לעבענס-אויפֿגאַבע פֿון קאַפּיטאַליסט. דאָס ענטװיקעלט אין איהם די שטרעבונג אַראָבצודריקען די שכירות, צו פֿאַרלענגערען די אַרבײטס-צײט, צו עקספּלואַטירען פֿרױען און קינדער, אַרױסצואװאַרפֿען אַרבײטער אויף'ן גאַס, כדי צו שטעלען אויף זײער אָרט מאַשינען א. ז. װ., מיט אײן װאָרט, די שטרעבונג אָנצואװענדען אַלע יענע מיטלען, װעלכע פֿאַרגרעסערען דעם עלענד און נױט פֿון די אַרבײטער. די שטרעבונג צו ריוח — דאָס איז די שטרעבונג צו דער פֿאַרדאַרבונג, צו דער פֿאַרשטאַרקטער פֿאַרשקלאַפֿונג און עקספּלואַטאַציע פֿון אַרבײטער.

פֿון דעם פּריװאַט-אײגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען שטאַמט אָבער אַרױס אויך דער פֿאַקט, װאָס די פּראָדוקציאָן װערט געפֿיהרט אָהן אַ שום פּלאַן. פֿון דער יאָגעניש נאָך ריוח קומט אַרױס פֿון אײן זײט די אָנקלײבונג אָדער די „אײנשפּאָרונג" פֿון אַלץ גרעסערע מאַסען פֿון קאַפּיטאַל, װעלכע זוכען אַ פּראָדוקטיװע אָנװענדונג, פֿון דער אַנדערער זײט דער װאוקס פֿון די מותרות פֿון די פּראָדוקטען איבער דעם, װי פֿיל דער אַרבײטערקלאַס פֿאַרברױכט: די פֿאַראײניגטע װירקונג פֿון דיזע אַלע קרעפֿטען פֿיהרט צו קריזיסען, װעלכע חזר'ן זיך איבער מיט דער נױטיגקײט פֿון אַ נאַטור-ערשײנונג, צו קריזיסען, װעלכע גיבען צו צו די יסורים פֿון עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, װאָס די אַרבײטער לײדען פּונקט אַזױ װי אַמאָל די שקלאַפֿען און די פּאַנשטשיזניקעס (לײב-אײגענע), נאָך די יסורים פֿון שטענדיגע אונזיכערהײט אין דער עקסיסטענץ, די שטענדיגע סכנה פֿון אַרבײטסלאָזיגקײט און פֿון פּשוט'ען הונגער-טױדט.

אַזױ װאַקסט אַרױס פֿון דער קלאַסען-לאַגע פֿון פּראָלעטאַריאַט ניט נאָר דער אידעאַל פֿון געזעלשאַפֿטליכען אײגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, נאָר אויך דער אידעאַל פֿון דער דערמיט צוזאַמענגע-

בונדענער געזעלשאַפטליכער רעגולירונג פון דער פּראָדוקציאָן, דער אידעאַל, אַז די באַוועגענדע קראַפט פון דער פּראָדוקציאָן זאָל ווערען די באַדערפעניש פון דער געזעלשאַפט און ניט די יאָגעניש נאָך ריוח.

דיזער געזעלשאַפטליכער אידעאַל איז ניט אַ צופעליגער פּראָדוקט פון אַ פאַנטאַזיאָר. ער בילדעט זיך אויס מיט אַ נאַטירליכער נויטיגקייט אומעטום, וואו דער פּראָלעטאַריאַט הייבט אָן צו פאַרשטעהן זיין קלאַסען-לאַגע און ענטוויקעלט אַ זעלבשטענדיגען דיינקען; ער בילדעט זיך אויס נאָך פריהער ביי איינציגע דיינקער, וועלכע דערקענען די קלאַסען-לאַגע פון פּראָלעטאַריאַט און מאַכען זיינע אינטערעסען פאַר זייערע אייגענע. די געשטאַלטען, וועלכע דיזער אידעאַל נעהמט אָן אין באַזונדערע לענדער, באַזונדערע צייטען, אפילו אין באַזונדערע קעפּ, זיינען זעהר פאַרשיידען אין די פּרטים; אָבער דער טיף זייגער איז שוין זינט אַ יאָהרהונדערט שטענדיג און אומעטום דער אייגענער, און דאָס איז אַ סמן, אַז ער שטאַמט אַרויס פון די טיפסטע באַדערפנישען פון אַ גרויסען קלאַס, און ניט פון קאַפּריז אָדער פון די פאַנטאַזיעס פון איינצעלנע פּערזאָנען.

אָט דעריבער איז דיזער געזעלשאַפטליכער אידעאַל אויך ניט קיין הוילע אוטאָפּיע, נאָר ער איז שוין אויך היינט אַ רעאַלע געזעלשאַפטליכע מאַכט, וועמעס באַדייטונג וואַקסט אין דעם ערך, ווי עס וואַקסט די באַדייטונג פון קלאַס, וואָס האָט באַשאַפען דיזען אידעאַל, ד. ה. פון פּראָלעטאַריאַט. די קראַפט פון פּראָלעטאַריאַט וואַקסט אָבער כסדר, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיין חלק אין דעם געזעלשאַפטליכען פּראָדוקט ווערט אַלץ קלענער. זיין עקאָנאָמישע מאַכט באַשטעהט ניט אין זיין רייכטום, נאָר אין זיין צאָהל, אין זיין אָרגאַניזאַציע, אין זיין אינטעליגענץ, אין זיין עקאָנאָמישע נויטיגקייט און, לסוף, ניט אין אַ קלענערען ערך אין דעם פאַקט, וואָס זיינע קלאַסען-אינטערעסען, ווי מיר וועלען דאָס נאָך באַווייזען, פאַלען צוזאַמען מיט די אינטערעסען פון געזעלשאַפטליכען פאָרטשריט, אַזוי, אַז אַלץ, צו וואָס דער פּראָלעטאַריאַט שטרעבט צוליב זיין ריכטיגען קלאַסען-אינטערעס, איז אויך נויטיג פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט. דער ענדליכער נצחון פון פּראָלעטאַריאַט אין דער געזעלשאַפט איז אַלזאָ געזיכערט. ווי ווייט אָבער דיזער נצחון זאָל נאָך פון אונז ניט שטעהן, — און עס איז אונמעגליך וועגען דעם אַרויסצוזאָגען מעהר ווי נאָר אונבאַשטימטע השערות, —דאָך האָט זיין געזעלשאַפטליכער אידעאַל שוין אין היינטיגער צייט אַ געוואַלטיגע ווירקונג אויף דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג.

דאָס איז דער איינציגער געזעלשאַפטליכער אידעאַל, וועלכען מען קען זיך נאָך פאָרשטעלען נעבען דעם פעאָדאַל-אַגראַרישען און ליבע-

ראַל-קאַפּיטאַליסטישען אידעאַל, — דאָס באַווייזט אויף׳ן דייטליכסטען אופן דער פֿאַקט, וואָס גענבען דיזע ביידע איז נאָך קיין אַנדער אידעאַל ניט אַרויסגעטרעטען. ער איז אָבער אויך דער איינציגער אידעאַל, וועלכער איז מעגליך נאָך אויף יענער זייט פֿון קאַפּיטאַליסטישען: ער בילדעט די איינציגע מעגליכקייט פֿאַר דער ווייטערער ענטוויקלונג דאָרטען, וואו די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמע ווערט קאָנסערוואַטיוו און הייבט אָן שטערען דעם געזעלשאַפֿטליכען פֿאָרטשריט. ער ווייזט אָן אויף אַ פּראָדוקציאָנס-פֿאָרם, וועלכע ווערט נויטיג אומעטום, וואו די קאָנצענטראַציע פֿון די קאַפּיטאַלען באַשאַפֿט פּריוואַטע מאָנאָפּאָליעס, וואָס מוזען אונבעדינגט אַריבערגעהן אין געזעלשאַפֿטליכען אייגענטום, אויב מען וויל ניט, אַז די גאַנצע געזעלשאַפֿט זאָל ווערען אַ פּשוט׳ע שפּילצייג אין די הענד פֿון איינציגע גרופּען פֿון קאַפּיטאַליסטען.

אָבער פֿון דער אַנדערער זייט איז דער סאָציאַליסטישער אידעאַל מעגליך נאָר ביי דער פֿריהערער עקסיסטענץ פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, וועמעס ווייטערע ענטוויקלונג ער בילדעט. עס וואָלט געווען אונמעגליך גלייך פֿון די צושטאַנדען פֿון דער פֿעאָדאַלער צייט אַריבערצושפּרינגען אין סאָציאַליזם. אָט דעריבער שטיצען שטענדיג די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען געגען דעם פֿעאָדאַליזם די קאַפּיטאַליסטישליבעראַלע פּאַרטייען אומעטום, וואו זיי קעמפֿען פֿאַר אַ געזעלשאַפֿטליכען פֿאָרטשריט.

אויף אַזאַ אופן ווערט דער סאָציאַליסטישער אידעאַל אַקוראַט ווי דער קלאַסענקאַמפּף פֿון פּראָלעטאַריאַט אַ מעכטיגע ספּרונזשינע פֿון יעדען געזעלשאַפֿטליכען פֿאָרטשריט נאָך אַ סך פֿריהער, איידער די דערגרייכונג פֿון דיזען אידעאַל קומט אין אַ גרייפֿבאַרע נאָהענטקייט, גלייך פֿון אָנהייב פֿון די פּראָלעטאַרישע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען. און פֿון אָנהייב אָן ווירקט ער פֿאָרטשריטליך אין אַ סך אַ גרעסערע מאָס, איידער דער ליבעראַליזם, ווייל ער ווערט ניט פֿאַרשטערט דורך קיין שום געדאַנקען וועגען ריזה און וועגען ווייל זיין ציל איז אַ ווייטערער, זיין געזעלשאַפֿטליכער האָריזאָנט איז דעריבער אַ ברייטערער.

אין היינטיגער צייט זיינען מיר שוין אַזוי ווייט געקומען, אַז דער סאָציאַליזם און דער פּראָלעטאַרישער קלאַסען-קאַמפּף זיינען ניט נאָר געוואָרען די מעכטיגסטע, נאָר אויך די איינציגע באַוואוסט-ווירקענדע קרעפֿטען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען פֿאָרטשריט. דער וואַהל-קאַמפּף, וועלכער קומט פֿאָר אין איצטיגער צייט*, באַווייזט קלאָר, אַז די הער-

* קאַוטסקי מיינט דאָ דעם וואַהל-קאַמפּף, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דייטשלאַנד בעת די וואַהלען אין רייכסטאַג (פּאַרלאַמענט)

שענדע קלאַסען, ווי גרויס עס זאָלען ניט זיין די קלאַסען-געגענזאַצען אונטער זיי, זיינען אין איין זאַך אייניג: אין זייער פֿיינדשאַפֿט געגען אַלץ, וואָס עס קען פֿיהרען צו אַ העכערער ענטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. אין דעריבער זיינען זיי אייניג אין דעם, צו קעמפּפֿען כמעט אויסשליסליך געגען דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, געגען דער פּאַרטיי, וועלכע האָט אַ גרויסען אידעאַל פֿון דער העכערער געזעלשאַפֿטליכער ענטוויקלונג און וועלכע קעמפּפֿט פֿאַר איהם.

אויב אָבער די סאָציאַלדעמאָקראַטיע איז אין היינטיגער צייט גע-וואָרען די איינציגע פּאַרטיי, וועלכע קעמפּפֿט נאָך פֿאַר דעם געזעל-שאַפֿטליכען פֿאָרטשריט, מוז זי דעריבער אויך ווערען די איינציגע פּאַר-טיי פֿון די אַלע, וואָס שטרעבען צו אַ ווייטערער ענטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט.

מיר האָבען אין צווייטען קאַפּיטעל געזעהען, ווי די פּראָלעטאַרישע אינטערעסען מאַכען דעם פּראָלעטאַריאַט פֿאַר אַ קעמפּפֿער געגען יעדע עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג; ווי ער באַשאַפֿט דורך דעם אַ גרונט, אויף וועלכען ער טרעפֿט זיך צוזאַמען מיט אַלע עהרליכע און לאָגישע קעמפּפֿער, וואָס שטאַמען אַרויס פֿון אַנדערע קלאַסען און וואָס קעמפּ-פֿען אויך געגען יעדער עקספּלואַטאַציע און יעדער עולה. אויף אַזאַ אופן זעהען מיר איצט, אַז די פּראָלעטאַרישע אינטערעסען מאַכען דעם פּראָלעטאַריאַט פֿאַר דעם ענטשלאָסענסטען און אין היינטיגער צייט כמעט פֿאַר דעם איינציגסטען קעמפּפֿער פֿאַר'ן געזעלשאַפֿטליכען פֿאָרטשריט. דערמיט ווערט יעדער פֿאָרשטעהער פֿון דיזען פֿאָרטשריט, וואָס שטאַמט אַרויס פֿון אַ'ן אַנדער קלאַס, גענויטיגט, ווען ער האָט דערצו גענוג קוראַזש און קראַפֿט, צוצושטעהן צו דער פּאַרטיי פֿון קעמפּפֿענדען פּראָלעטאַריאַט, צו דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. ניט וועניגער, איידער דער דעמאָקראַטישער ראַדיקאַליזם און די מענשענפֿריינדליכע, הומאַניס-טישע שטרעבונגען, קען אויך די ידיעה אין די עקאָנאָמישע פֿערהעלטניסען — מעג דאָס קומען דורך וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרשונגען אָדער דורך פּראַקטישע ערפֿאַהרונגען — אויך ברייגנען בורזשואַזנע עלעמענטען צום סאָציאַליזם. אין פֿיל פֿאַלען ווירקען אַלע דיזע דריי אורזאַכען צוזאַמען. אין אָנהייב ענטוויקלונג פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַ-

---

אין 1903 יאָהר. דיזער קאַמפּף האָט זיך געענדיגט מיט דעם גלענ-צענדסטען נצחון פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, וועלכע האָט באַקומען מעהר איידער 3 מיליאָן שטימען און האָט פֿאַרגרעסערט די צאָהל פֿון איהרע דעפּוטאַטען אין רייכסטאַג פֿון 58 ביז 81.

דער איבערזעצער.

טיע האָבען דער עיקר געקענט ווירקען די ערשטע צוויי אורזאַכען. דעמאָלט איז דער פּאָליטישער ברען נאָך געווען שטאַרק אין דער בורזשואַזיע, פֿון דער אַנדערער זייט זיינען אויך די אַרבייטערמאַסען געווען אַ סך אונגליקליכער, ווייער עלענד און אָרעמקייט האָט זיך מעהר געוואָרפֿען אין די אויגען איידער היינט. פֿאַרקעהרט, אין דער לעצטער צייט דאַרף די דריטע אורזאַכע זיין די באַשטימענדע פֿאַר די בורזשואַזנע עלעמענטען, וועלכע געהען אַריבער צו דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע: דאָס פֿאַרשטעהן פֿון דער אַלגעמיינער שעדליכקייט און פֿון דעם באַנקראָט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג; דערביי האָט אין די אַבציגער יאָהרען—דער קריזיס, שפּעטער—די ענטוויקלונג פֿון דער סיסטעמע פֿון קאַרטעלען, אין דער לעצטער צייט — דער משוגעת, וואָס האָט אַלעמען אָנגעכאַפּט צו פֿאַרהעכערן די אָבצאָהלונגען אויף איינגעפֿיהרטע סחורה, און דער נייער קריזיס — דאָס אַלץ האָט געמוזט באַזונדערס שטאַרק ווירקען אויף דעם, אַז אפילו ביי די מענשען, וועלכע זיינען ניט פֿאַראינטערעסירט אין דעם קלאַסען-קאַמפּף פֿון פּראָלעטאַריאַט, האָבען זיך אויך געדאַרפֿט עפֿענען די אויגען זיי זאָלען זעהען, אַז אין היינטיגער צייט שטעלט נאָר דער פּראָלעטאַריאַט און זיין פּאַרטיי פֿאָר די אינטערעסען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען פֿאָרטשריט און צוזאַמען מיט דעם אויך די לעבענס-אינטערעסען פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט בכלל, ווייל נאָר ענטוויקלונג איז לעבען, די אָבשטעלונג פֿון דער ענטוויקלונג — הייסט טוידט.

אַלזאָ, אויב איינגע פֿון אונזערע געגנער זאָגען, אַז קלאַסען-אינטערעסען און געזעלשאַפֿטליכע אינטערעסען שטעהען נויטיגערהייט אין אַ געגענזאַץ איינע צו די אַנדערע, איז דאָס אין היינטיגער צייט ריכטיג אַנטקעגען די בורזשואַזנע קלאַסען און פּאַרטייען, אָבער דאָס איז ניט ריכטיג ניט אַנטקעגען דעם פּראָלעטאַריאַט און ניט אַנטקעגען דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע.

אויב, פֿון דער אַנדער זייט, פֿילע פֿון אונזערע געגנער, ווי צום ביישפּיל דער הערר א ו י ז ש ע ן ר י כ ט ע ר אין זיין „סאָציאַליסטען-שפּיגעל", ווילען זעהן אַ ווידערשפּרוך אין דעם, וואָס די סאָציאַלדעמאָקראַטיע איז די פּאַרטיי פֿון פּראָלעטאַרישען קלאַסענקאַמפּף און האָט אין דער אייגענער צייט אין איהרע רייהען זעהר פֿיל בורזשואַזנע עלעמענטען, באַווייזט דאָס מעהר ניט, אַז דיזע הערען געגנער האָבען ניט קיין שום באַגריף ניט וועגען דער אייגענאַרטיגקייט פֿון דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסען-אינטערעס, ניט וועגען דער ווירקונג פֿון וויסענשאַפֿטליכען פֿאַרשטאַנד, פֿון דעם סאָציאַלען געפֿיהל און פֿון דער דעמאָקראַטישער לאָגיק. זיי פֿאַרגעסען, אַז מען קען אָבלייקענען די א ה ד ו ת פֿ ו ן

קלאַסען און אין דער אייגענער צייט פֿונדעסטוועגען אָנערקענען די אחדות
פֿון מ ע נ ש ע ן, גרויסע געזעלשאַפֿטליכע אונגליקען, וועלכע ויינען אויף
אַ קליינער צייט גובר איבער די קלאַסען אונטערשיידען, ווי למשל, אַ מגפה,
ברייגגען אָפֿט אפילו דעם אונבררחמנות׳דיגסטען בורזשואַ צום באַוואוסט-
זיין וועגען דער אחדות פֿון מענשען, וועגען דער אינעווייניגסטער אָב-
הענגיגקייט צווישען דעם גליק פֿון איין פערזאָן מיט דעם גליק פֿון
גאַנצען כלל. נאָר ביי׳ם געוואוינליכען גאַנג פֿון לעבען ווערט דיזער
באַוואוסטזיין פֿון אחדות דערשטיקט דורך דעם באַוואוסטזיין פֿון קלאַ-
סען-געגענזאַץ, דורך דער שטרעבונג צו עקספּלואַטירען די חברים-
מענשען. און נאָר דער פּראָלעטאַריאַט באַשאַפֿט ערשט אַ אידעאַל,
וועלכער וויל אַז עס זאָל עקסיסטירען נאָר איין גרויסער קוואַל פֿון
הכנסות, — די אַרבייט; וועלכער איז מבטל דעם ריוח און די רענטע,
גרייט דערמיט צו אַ סוף צו די קלאַסען און זייערע געגענזאַצען און
בויט אויף אויף׳ן אָרט פֿון קלאַסען-קאַמפּף די אחדות פֿון די מענשען.

דאָס איז דער לעצטער ציל פֿון קלאַסען-קאַמפּף, וועלכען די סאָ-
ציאַלדעמאָקראַטיע פֿיהרט. אויף אַזאַ אופֿן ווערט זי אַלס די פֿאָר
שטעהערין פֿון די קלאַסען-אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַריאַט די פֿאָרשטע-
שטעהערין פֿון די העכסטע און אַלגעמיינסטע אינטערעסען פֿון דער
מענשהייט.



# אויסגאבען

פֿון דעם אַללג. איד. אַרב.-בונד אין ליטא, פּוילען און רוססלאַנד.

## ציימונגען*.

### צענטראַלע אָרגאַנען:

| | |
|---|---|
| די אַרבייטער שטימע. | NoNo 34 |
| דער וועקער — אָרגאַן פֿון בערשטער אַרב.-בונד אין פּוילען און ליטא. | NoNo 12 |
| דער אידישער אַרבייטער. | NoNo 14 |

### אָרטיגע אָרגאַנען:

| | |
|---|---|
| וואַרשאַווער אַרבייטער — פֿון וואַרשאַווער קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 13 |
| דער ביאַליסטאָקער אַרבייטער ) פֿון ביאַל. קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 7 |
| פֿרוגבלעטעל צום ביאַל. אַרב. ) | NoNo 2 |
| מינסקער אַרבייטער ) פֿון מינסק. קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 4 |
| מינסקער פֿלוגבלעטעל ) | NoNo 5 |
| קלאַססען קאַמפף — פֿון ווילנ. קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 6 |
| פֿרייהייטסגלאָק — פֿון לאָדזער קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 4 |
| גראָדנער פֿלוגבלעטעל — פֿון גראָד. קאָמ. פֿון בונד. | No 1 |
| דווינסקער פֿלוגבלעטעל—פֿון דווינסק. קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 1-2 |
| פֿלוגבלעטלאַך: ווילנער, קאָוונער, וויטעבסקער א. ז. וו. | — |

## בראָשורען**.

### אויף אידיש:

| | פרייז אין סאַנטים. |
|---|---|
| דער סטרייק פֿון שקר. | — |
| דער צירקוליאַר פֿון מיניסטער דעם איננערן. | — |
| אַ בראָשורע צום ערשטען מאַי. | — |

---

* אַללע דרוקען זיך אין רוססלאַנד, אויסער דעם „אידישען אַרבייטער“.

** די ערשטע צוועלף בראָשורען זיינען געדרוקט אין רוססלאַנד.

אַ חלום ערב יום-טוב דעם ערשטען מאַי. —
מאַניפֿעסט פֿון רוסלענדער סאָצ.-דעמ. אַרב. פּאַרטיי. —
דער אידישער בערשטער אַרב.-בונד אין פּוילען און ליטא. —
די מערץ-רעוואָלוציאָן אין דייטשלאַנד. —
די מלחמה פֿון דער פּ. פּ. ס. געגען דעם אַללגעמיינעם
אידישען אַרב.-בונד אין רוסלאַנד און פּוילען. —
דער IV צוזאַממענפֿאָהר פֿון אַלל. איד. אַרב.-ב. אין ל., פּ. און רוס. —
דער מאַניפֿעסט פֿון אלל. סצ.-דעמ. פֿעדעראַט. גאַרבערבונד. —
הירש לעקערט און זיין פּראָצעס. —
דער II צוזאַמענפֿאָהר פֿון דער אידישער אָבטיילונג פֿון
דעם סאָציאַלדעמאָקראַטישען פֿעדעראַטיווען גאַרבערבונד. —
דער שטאָדט-מגיד. 30
דער עיקר פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון לאַססאַל.
(2-טע פֿאַרבעסערטע אויסגאַבע). 10
דער אַרבייטסטאָג — 3-טע פֿערבעסערטע אויסגאַבע. 30
ווי האָבען די בעלגישע אַרבייטער געשטריטען פֿאַר פֿרייהייט? 30
פֿאַר'ן זונאויפֿגאַנג. 20
אַ מעשה פֿון פֿיער ברידער. 40
ציוניזמוס אָדער סאָציאַליזמוס? 20
דער מאַניפֿעסט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי
פֿון קאַרל מאַרקס און פֿריעדריך ענגעלס. 60
וואָס יעדער אַרבייטער דאַרף וויסען און געדיינקען. 40
וואָס ווילען די סאָציאַלדעמאָקראַטען אין רוסלאַנד? 70
די שכירות—2-טע אויסגאַבע. 40
הגדה של פסח (על פי נוסח חדש). 20
די נייע עפּאָכע אין דער אידישער אַרבייטערבעוועגונג. 20
אים קאַמפּף. 50
פֿון וואָס איינער לעבט. 40
די געשיכטע פֿון די ענגלישע אַרבייטערבונדען. 80
די געשיכטע פֿון דער איד. אַרב.-בעוועגונג אין רוס. און פּוילען. 75
פֿרייהייט (רעוואָלוציאָנערע ליעדער). 50
דער עיקר פֿון סאָציאַליזמוס. 25
„פּאַריאַ" אונטער די פּראָלעטאַריער / אין אַ פֿינסטערע נאַכט } אָבדרוק פֿון № 25 „אַר. שטימ." 10
דאָס איינגעהמען פֿון באַסטיליען. 10
די נאַציאָנאַלע פֿערזאַמלונג אין די נאַכט פֿון 4-טען אויגוסט. 10
די קאָנסום-גענאָסענשאַפֿטען פֿון ק. קאַוטסקי. 20

אַ הספד אויף אלכסנדר דעם צווייטען׳ס קבר. 50
די אַרבייטערינגען - און פרויענפראַגע אין דער געגענוואַרט
פון קל. צעטקין. 20
דער סך הכל פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג. 10
ווי די כינעזער האָבען באָמבאַרדירט בלאַגאָוועשטשענסק. 15
סאָפיא פעראָווסקאַיאַ (ביאָגראַפיע). 15
דער רוס. וועבער פעטער אַלעקסעיעוו (ביאָגראַפיע). 10
אלכסנדר מיכאַילאָוו (ביאָגראַפיע). 25
אַנדרעי איוואַנאָוויטש זשעליאַבאָוו (ביאָגראַפיע). 25
ניקאָלאַי איוואַנאָוויטש קיבאַלטשיטש (ביאָגראַפיע). 10
דאָס אַרבייטער פראָגראַם פון פערדינאַנד לאַססאַל. 25
דער צערשטערטער פעלזענבלאָק. 10
סטעפאַן כאַלטורין (ביאָגראַפיע). 10
די סאָציאַלע רעפאָרם און די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן פון ק. קאַוטסקי. 30
אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן פון ק. קאַוטסקי. 40
דאָס ערפורטער פראָגראַם מיט אַ הקדמה און
פערבעסערונגען פון פערפאַסער ק. קאַוטסקי. 1,25
וועגען דעם פראָיעקט פון מיניסטער וויטטע וועגען
סטרייקען און אַרבייטערבונדען. 5
צדקה, אַ׳ן ערצעהלונג פון פ. עזי. 5
צו דער געשיכטע פון דער בעלגישער אַרבייטערבעוועגונג. 25
אין משגעים-הויז פון ד. פ. 10
רעליגיאָן און קלאַססענגעגענזאַטצען פון מ. א. 30
די קישינעווער הריגה, I מאַטעריאַלען און דאָקומענטען. 25
אַווטאָנאָמיע אָדער פעדעראַציע? 10
דער ציוניזם, פון „לנר“. 25
די רויטע פאָהן, לידער און פראָזע. 30
די שפינען און די פליגען, פון וו. ליבקנעכט. 5
קלאַססען-אינטערעס, באַזונדער-אינטערעס, כלל-אינטערעס,
פון קאַרל קאַוטסקי. 20

## אויף פויליש:

אַ אויפרוף צו דער אידישער אינטעליגענץ. 20
דער IV צוזאַמענפאָהר פון בונד. 30
דער No 25 „אַרבייטער שטימע“. 75
די געשיכטע פון דער איד. אַרב.-בעוועג. אין ליטא, פויל. און רוסס. —